ב. שטרן
רח' צפניה 24
ירושלם




# שלשה אחים

פערטער טייל

## דער פארלוירענער ברודער

— צווייטע העלפט —

בעשריבן און בעארבעט

פון

## ב. שטרן

דאס העפט אנטהאלט:

א. איינער פון די שלשה־אחים מאַכט צוריק אויפשיינען די ליכט פון דעם אַלטן לאַנד אופיר.

ב. אַ מלחמה אין מצרים צוליב אַ שפיצל פון איינעם פון די שלשה־אחים; מיט אַ אונ־טער וואַסער שיפעל פון לאַנד תרשיש אין די מצולות־הים; אין אַ נעץ פון די ריזן ביי זייער שרעקלעכן דרייעקיגן אינדזל; אַ באַ־זוך אין די חצרות מלכים פון לוויתן.

ג. דער צוזאַמען טרעף פון די ברידער.

**5**

פערלאג "בפירוש וברמז"
ירושלם / תשכ"ד.




# שלשה אחים

פערטער טייל

**דער פארלוירענער ברודער**

**— צווייטע העלפט —**

בעשריבן און בעארבעט

פון

## ב. שטרן

**דאס העפט אנטהאלט:**

**א.** איינער פון די שלשה־אחים מאַכט צוריק אויפשיינען די ליכט פון דעם אַלטן לאַנד אופיר.

**ב.** אַ מלחמה אין מצרים צוליב אַ שפיצל פון איינעם פון די שלשה־אחים; מיט אַ אונטער וואַסער שיפעל פון לאַנד תרשיש אין די מצולות־הים; אין אַ נעץ פון די ריזן ביי זייער שרעקלעכן דרייעקיגן אינדזל; אַ באַזוך אין די חצרות מלכים פון לוויתן.

**ג.** דער צוזאַמען טרעף פון די ברידער.

**5**

פערלאג "בפירוש וברמז"

ירושלם / תשכ"ד

חוברת ניסן תשכ"ד

4־טע העפט 2־טע סעריע

ההפצה בארה"ב בידי

הר"ר יוסף ווייס

"כלילת־ יופי" פאבלישינג

162 ROSS St., BROOKLYN N.Y.

רשימת הספרים הוצאת „כלילת־יופי"

רמב"ם גרויסע 6 באַנד
שערי יצחק ע"ט
מנורת המאור ע"ט
שערי תשובה ע"ט
נחלת צבי ע"ט
קיצור ש"ע ע"ט
אלשיך 8 באַנד
מחזור ויטרי 2 באַנד
ערבי נחל 2 באַנד
יד הקטנה 2 באַנד
שו"ת פנים מאירות 2 באַנד
צל"ח. ברכות, ביצה, פסחים
כתב סופר על מס' גיטין
כד הקמח



(Printed in Israel)

דפוס קואופרטיבי "אחוה" בע"מ ירושלים

יג.

דער מלך, די מיניסטאָרן, און די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן אין „מדינת־אופיר" האָבן מיט גרויס אומגעדולד געקוקט ווי דער יהודי וואָס איז געלעגן מיט געבונדענע פיס לעבן די הויכע פלאַמען שטעקט אַריין זיין האַנט אין קעסטל אין וועלכן עס איז געלעגן די צוויי צעטלען. אַלע האָבן שוין געוואָלט זען ווי ער וועט אַרויסציען דעם צעטל וואָס אין אים איז געווען אָפּהענגיק זיין לעבן. די האַנט פון דעם יהודי האָט שטאַרק געציטערט ווען ער האָט זי אַריין געלייגט אין קעסטל, ער האָט שוין געוווּסט פון דעם נידריקן פאַרברעכן וואָס דער אַלטער גלח האָט געמאַכט, אַז ער האָט אויףביידע צעטלען געשריבן דאָס וואָרט „למיתה". און דאַדורך וועט ער פאַרברענט ווערן סיי וועלכן צעטל ער וועט אַרויסציען.

ווי זיין האַנט ליגט אַזוי אין קעסטל טראַכט זיך דער יהודי, אפשר זאָל איך געבן אַ געשריי דאָס יעדער זאָל זען דאָס פאַלשקייט פונעם אַלטן גלח. אָבער ער האָט זיך גלייך באַרעכנט, אַז די מענטשן וואָס ברויכן אים אַריינוואַרפן אין פייער זענען דאָך געוויס גוט אָנגערעדט פון די מיניסטאָרן קעגן אים, און אַז זיי וועלן דערהערן אַז ער שרייט אַזעלכע ווערטער, וועלן זיי אים געבן אַ ריק אַריין אין פייער צוזאַמען מיט דעם קעסטל, און זיי וועלן זאָגן אַז זיי האָבן זיך אָנגענומען וועגן דעם גלח׳ס כבוד. אַ מינוט איז ער געשטאַנען אַ פאַרצווייפלטער, אָבער אין דער זעלבער רגע האָט אים געגעבן אַ לייכט אַדורך אינעם קאָפּ

אַ קלוגע עצה פון השי״ת, און מיט אַ געשיקטקייט האָט ער זי אויסגעפירט, ער האָט געגעבן אַ נעם אַרויס איין צעטעלע פון קעסטעלע, און ווי ער וויל דאָס געבן אין דער האַנט פונעם שליח ער זאָל עס טראָגן פאַרן מלך, האָט ער דאָס געגעבן אַ וואַרף אַריין אין די הויכע פלאַמען וואָס האָבן געברענט נישט וויט פון אים. ער האָט דאָס אַזוי געשיקט געמאַכט אַז איין יעדנס אויגן האָט דאָס אויסגעזען ווי גלייך דער ווינט האָט דאָס אַהין געבלאָזן.

אַ גרויס געשרייעריי איז געוואָרן צווישן די איבעראַשטע מענטשן וואָס האָבן שוין מיט אַזאַ אומגעדולד געוואַלט וויסן וואָס עס שטייט אין דעם צעטל וואָס דער יהודי האָט אַרויס־געצויגן. אויך אויף דער בימע איז געוואָרן אַ גרויס גערויש.

דאָס גערויש האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, ווייל גלייך האָט זיך געהערט די שאַרפע שטימע פון דעם געבונדענעם יהודי וואָס איז געלעגן לעבן די הויכע פלאַמען, און ווי עס האָט זיך נאָר געהערט זיין קול איז אַלעס שטיל געוואָרן ווייל יעדער האָט געוואָלט הערן וואָס ער וויל דאָ זאָגן.

מיט אַ הויך קול האָט דער יהודי אויסגערופן: אדוני המלך און חשובע אײנוווינער! איר ברויכט אייך נישט ערגערן וועגן דעם וואָס עס איז פאַרברענט געוואָרן דער צעטל וואָס איך האָב אַרויסגעצויגן, ווייל דער גורל איז נאָך צוליב דעם נישט בטול געוואָרן. מ׳קאָן נאָך גאַנץ קלאָר וויסן וועלכן צעטל איך האָב געהאַט אַרויסגעצויגן, צי דעם צעטל „לחיים״, צו דעם „למיתה״. זאָל דער מלך הייסן דעם שליח וואָס האָט מיר צוגעבראַכט דאָס קעסטעלע מיט די צוויי צעטלען דאָס ער זאָל איצט צופירן דאָס קעסטעלע מיט דעם צעטל וואָס איז געבליבן צום מלך, און דער מלך וועט זען וועלכער צעטל עס איז געבליבן אין קעסטעלע. ממילא וועט מען וויסן וועלכן צעטל איך האָב אַרויסגעצויגן.

איז געבליבן אין קעסטעלע דער צעטל „לחיים" איז אַ סימן אַז איך האָב אַרויסגעצויגן דאָס צעטל וואָס איז געשטאַנען דערויף געשריבן דאָס וואָרט „למיתה", און איך ברויך פאַרברענט צו ווערן. ווידער איז געבליבן אין קעסטעלע דאָס צעטעלע „למי־תה" האָב איך דאָך אַרויסגעצויגן דאָס צעטעלע „לחיים", איז אַ סימן אַז די גאַנצע מעשה וואָס מ'האָט אויף מיר געזאָגט איז נאָר אַ בלבול און איך ברויך בלייבן לעבן.

— ריכטיק ריכטיק! האָט דער מלך געזאָגט און גלייך גע־געבן אַ באַפעל צום שליח ער זאָל אים ברענגען דאָס קעסטעלע.

ווידער איז געוואָרן אַן איבעראַשונג ביי די פאַרזאַמלטע מענטשן, ווידער האָט איין יעדן געציטערט דאָס האַרץ און מיט גרויס נייגעריקייט געוואַרט צו זען וואָס עס שטייט אין דעם איבערגעבליבענעם צעטל, פון מינוט צו מינוט איז די נייגערי־קייט אַלץ שטאַרקער געוואָרן, אַלע טויזנטער אויגן האָבן איצט באַגלייט דאָס קעסטעלע וואָס מ'האָט געפירט פונעם הויכן אָרט ווו דער יהודי איז געלעגן געבונדן לעבן דעם ברענענדיקן קאַ־לעך־אויוון, צו דער הויכער בימע ווו דער מלך און דער אַלטער גלח מיט אַלע מיניסטאָרן זענען געזעסן. ווי דער שליח מיטן קעסטל איז נאָר צוגעקומען צום מלך, האָט דער מלך מיט גרויס איילעניש אַרויסגענומען דעם צעטל פונעם קעסטעלע, ער פּאַקט דאָס אויף און גיט אַ בליק דערויף און גלייך גיט ער מיט גרויס איבעראַשונג אַ שריי אויס:

— מיין געטרייער יועץ בלייבט לעבן, ער האָט אַרויסגע־צויגן דאָס צעטעלע „לחיים", ווייל דאָ אין קעסטעלע איז אי־בערגעבבליבן דאָס צעטל „למיתה".

ווי אַ קאַלטער שלינג וואַסער אויף אַן אויסגעטרוקענעם נפש איז געקומען די בשורה אַז דער יהודי בלייבט לעבן צו די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן וועלכע האָבן שוין מיט א

קורצן אָטעם געוואַרט און געוואָלט זען וואָס דאָ וועט זיין מיט דעם יהודי. פון גרויס איבעראַשונג האָט זיך דער מלך געמוזט אַוועקזעצן אַ שטיקל צייט, און ער איז געלעגן ווי פאַרחלשט. ווען ער איז צו זיך געקומען האָט ער געגעבן אַ באַפעל אַז מ׳זאָל גלייך אַראָפּנעמען די קייטן פון דעם יהודי און פון זיינע מענטשן, און דעם יהודי זאָל מען אַרויפברענגען אויף דער בימע. מ׳האָט גלייך אויסגעפירט דעם מלך׳ס באַפעל, און ווען מ׳האָט דעם יהודי אַרויפגעבראַכט אויף דער בימע איז אים דער אַלטער מלך געפאַלן אויפן האַלדז און מיט גרויס ליבשאַפט געקושט און געהאַלדזט קעגן אַלע טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן. דערנאָך האָט אים דער מלך אַוועקגעזעצט לעבן זיין שטול, און דער מלך האָט זיך אויפגעשטעלט אויף זיינע פוס און מיט גרויס צופרידנקייט ווען טרערן שטייען אים אין זיינע אויגן האָט ער אויסגערופן.

— מיינע ליבער בירגער! איך בין איצט נישט אימשטאַנד אַרויסצורעדן די גרויסע פרייד וואָס פילט אָן מיין האַרץ און נעמט אונז אַלע אַרום, אין דער גרויסער מינוט ווען דער קלאָרער „אמת" פון דעם יהודי האָט אַרויסגעשיינט פון צווישן די דיקע פינצטערע וואָלקנס פון „שקר" וואָס די וועלכע האָבן געוואָלט אויף אים מאַכן דעם בלבול האָבן אים אַרומגענומען. איך מוז אייך זאָגן אַז נאָך איידער דער גורל האָט אַרויסגעוויזן זיין גערעכטיקייט, האָב איך אויך נישט געצווייפלט אַז ער איז גערעכט, ווייל איידער איך האָב איבערגעגעבן אין זיינע הענט אַ גרויס חלק פון פירן דאָס לאַנד, האָב איך פעסטגעשטעלט זיין ריכטיקייט און איידלקייט אַ חוץ זיין גרויסע און טיפע חכמה וואָס זיין גלייכן איז נישטאָ. נאָר צוליב דעם האָב איך געלאָזט וואַרפן דעם גורל, ווייל נאָכדעם וואָס דער גרויסער גלח האָט געזאָגט, אַז דער גורל וועט ווייזן דעם ריינעם קלאָרן אמת, האָב

איך געוואָלט אַז אויך איר בירגער זאָלט אייך איבערצייגן אין זיין ריכטיקייט.

פּלוצים איז געוואָרן אַ גרויס געטומל צווישן די פאַרזאַמלטע מענטשן. אַז עס איז געוואָרן אַזאַ גערויש האָט דער מלך געפרעגט וואָס איז דאָ געשען? האָט מען אים געזאָגט אַז דער קעניגלעכער קעכער און די זעלנער וואָס האָבן עדות געזאָגט קעגן דעם יהודי זענען אַריין געשפּרונגען אין דעם ברענענדיקן קאַלעך אויוון און זענען גלייך פאַרברענט געוואָרן. ווי דער מלך האָט דאָס דערהערט האָט ער ווייטער געזאָגט מיט אַ שאַרפער שטימע:

— עס איז איצט אַ גרויסער שאָדן געשען פאַר דער מלוכה מיט דעם וואָס די פאַלשע עדות האָבן זיך פאַרברענט, ווייל איצט וועלן מיר זיי נישט קאָנען אויספאָרשן און וויסן ווער עס האָט זיי געבראַכט צו זייערע שרעקלעכע מעשים, אָבער איך וואָרן די מענטשן וועלכע זענען געשטאַנען אונטער דעם נידעריקן פאַלשן בלבול אַז זיי זאָלן מער נישט פּרווון צו גיין אין אַזעלכע וועגן פון אויסצוטראַכטן בלבולים, ווייל אויב עס וועט נאָך פאָרקומען אַזאַ מעשה וועל איך נקמה נעמען פון זיי אויך וועגן דעם דאָזיקן בלבול.

— די פרייד אַז דער יהודי איז געבליבן אונזער — זאָגט ווייטער דער מלך — איז נישט נאָר מיינע אַליין נאָר זי דאַרף זיין אַלע איינוווינערס פונעם לאַנד, ווייל דאָס לאַנד וועט ווייטער קאָנען בליען צום גליק פון אַלע בירגער, אַזוי ווי עס האָט אָנגעהויבן צו בליען זייט מיין קלוגער יועץ העלפט מיר צו פירן די מלוכה. און איצט אין דער גרויסער מינוט ווינטש איך אים, דעם פאַרשטענדיקן קלוגן און אָרנטלעכן יועץ — מיין האַרציקער פריינט — אַז ער זאָל שטענדיק מצליח זיין און באַגליקן אין אַלע זיינע וועגן.

איבער דער גאַנצער צייט וואָס דער מלך האָט גערעדט, איז דער יהודי געזעסן אויף דער בימע און ער האָט שטילערהייט אָפּגעגעבן אַ לויב פאַר השי״ת וואָס האָט אים אין דער לעצטן מינוט געראַטעוועט פון טויט. ווי ער האָט אַזוי אַריינגעטראַכט אין די נסים וואָס זענען דאָ מיט אים געשען, האָט זיך אים פּלוצים אויסגעדאַכט ווי ער הערט קלונגען אין זיינע אויערן דאָס זיסע קול פון זיין אַלטן חשובן פאָטער וואָס פלעגט ביי יעדער צרה וואָס איז אויף אים געקומען, צו זאָגן די משנה פון מסכת ברכות (פ״ט, מ״ה) „חייב אדם לברך על הרע כשם שהוא מברך על הטובה״ דאָס הייסט: „אַ מענטש איז מחוייב צו מאַכן אַ ברכה אויף דעם שלעכטן וואָס קומט אויף אים, פונקט אַזוי ווי ער מאַכט אַ ברכה אויף דעם גוטן וואָס קומט אויף אים״. פלעגט זיין פאָטער צו זאָגן אַז די משנה קאָן נישט מקיים זיין נאָר אַזאַ יהודי וואָס ווייס און גלייבט אַז דאָס גרעסטע אומ־גליק וואָס קומט אויף דעם מענטש איז דאָס געוויס פאַר אים נאָר לטובה, און פון דער זאַך אַליין וואָס עס זעט איצט אויס צו זיין די גרעסטע צרה, וועט זיך ביים סוף אַרויסווייזן אַז דאָס איז גאָר געווען די ישועה. דער מענטש וואָס האָט אין דעם די ריכטיקע אמונה, דער, און נאָר דער, קאָן פונקט מיט אַזאַ פרייד מאַכן אַ ברכה אויף דער זאַך וואָס עס דאַכט זיך אויס אַז עס איז צום שלעכטן. ווי ער מאַכט אַ ברכה אויף אַ זאַך וואָס עס זעט זיך גלייך אָן די טובה דערפון פאַר דעם מענטש. עס האָט זיך אויסגעדאַכט דעם יהודי זיצנדיק אויף דער בימע ווי גלייך זיין אַלטער פאָטער שטייט דאָ פאַר אים און זאָגט אים מיט זיין שיינער זיסער אָנגענעמער שטימע, מיין קינד! דו זעסט וואָס פאַראַ טובה עס איז דיר אַרויסגעקומען פון דער רעה וואָס דער אַלטער גלח האָט דיר געוואָלט אונטער ריקן. ווען דער אַלטער גלח וואָלט טאַקע אַריינגעשטעלט צוויי צעטלען איינס „לחיים״

און איינס „למיתה“ אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט טאָן, ווער ווייס צי דיין זכות וואָלט געווען אַזוי גרויס אַז דו זאָלסט אַרויסציען דעם צעטל „לחיים“, אָבער איצט צוליב דעם וואָס עס איז געשען די זאַך וואָס האָט אויסגעזען צו זיין דאָס גרעסטע אומגליק, אַז דער גלח האָט אַריין געשטעלט צוויי צעטלען „למיתה“, איז דיר גאָר אַרויסגעקומען אַ טובה אַז ביסט געראַטעוועט געוואָרן אָן אַ גורל.

ווי דער יהודי טראַכט אַזוי אַריין און עס דאַכט זיך אים דאָס פּאָר זיינע אויגן שטייט זיין אַלטער פאָטער און ווייזט אים די גרויסע נסים וואָס זענען מיט אים געשען, האָט דער מלך געענדיקט זיין רעדע.

ווען דער מלך האָט געענדיקט צו רעדן, זעצט ער זיך אַראָפּ אויף זיין שטול און גיט מיט גרויס ליבשאַפט אַ כאַפּ אָן די האַנט פון דעם יהודי, דער יהודי האָט זיך געגעבן אַ טרייסל ווי איינער וואָס האָט זיך פלוצים דערוועקט פון שלאָף, ער זעט דאָ דעם מלך לעבן זיך, עס האָט אים לייד געטאָן דאָס דער מלך האָט אים געשטערט פון זיינע געדאַנקען וואָס ער האָט פאַר זיך געזען זיין פאָטערס געשטאַלט. אָבער ער האָט דעם מלך גאָרנישט געזאָגט. דעם מלך האָט זיך געדאַכט אַז דער יהודי האָט געשלאָפן, האָט ער אים געזאָגט: איך פאַרשטיי אַז שוין אַ היפשע פּאָר נעכט האָסטו צוליב דער פאַלשער חברה נישט געשלאָפן, דעריבער האָסטו דאָ איצט געכאַפּט אַ גרינגן שלאָף. דער יהודי האָט געשמייכלט און גאָרנישט געענטפערט. דער מלך האָט אָנגענומען דעם יהודי ביי זיין אָרעם און צוזאַמען זענען זיי אַריין אין דעם קעניגלעכן רייט־וואָגן און אַוועקגעפאָרן אין זיין הויז און האָט זיך ווידער פאַרשלאָסן און נישט צוגעלאָזט קיין מענטש צו זיך. די טויזנטער מענטשן זענען זיך צעגאַנגען מיט גרויס פרייד און מיט אַ געזאַנג „זאָל לעבן דער

מלך מיט זיין קלוגן ערלעכן יועץ". און אויך די מיניסטאָרן זע־נען אַוועק פון דער בימע מיט אָראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט גרויס האַרץ־ווייטאָק נאָכדעם וואָס זיי האָבן דאָ געזען ווי זייער פּלאַן וואָס זיי האָבן אויף אים אַזוי שווער געאַרבעט און עס האָט זיך אויסגעוויזן אַז עס האָט אינגאַנצן מצליח געווען, איז די לעצטע מינוט צעשטערט געוואָרן, און ער איז גאָר איבערגע־דרייט געוואָרן אַז דורך אים איז אַרויסגעקומען אַזאַ גרויסער כבוד פאַר דעם יהודי דאָס דער מלך האָט אים געהאַלדזט מיט אַזאַ ליבשאַפט און קעגן אַלע מענטשן געזאָגט דאָס ער האָט אים איבערגעגעבן אַ חלק פון פירן די מדינה און אַז צוליב זיין פירעכץ בליט אויף די מדינה.

דער גאַנצער עולם איז זיך צעגאַנגען און אַלעס איז צוריק צו זיין אַרבעט. דער יהודי מיט זיינע מענטשן האָבן זיך גענומען ווייטער אין אָרדענונג ברענגען די מלוכה. דער אַלטער גלח האָט זיך ווידער פאַרשלאָסן אין זיין הויז, אָבער ער האָט גאָר־נישט געקאָנט טוען, ווייל אין זיין מוח האָט אים טאָג און נאַכט געבויערט די פראַגע צי האָט דער יהודי געוווּסט פון זיין שווינדל וואָס ער האָט געטוען דאָס ער האָט געהאַט אויפגע־שריבן אויף ביידע צעטלען דאָס וואָרט למיתה", און צוליב דעם האָט דער יהודי דעם צעטל וועלכן ער האָט אַרויסגעצויגן אַריינגעוואָרפן אין פייער כדי ער זאָל זיך ראַטעווען, אָדער האָט דער יהודי פון גאָרנישט געוווּסט, און דער צעטל וואָס ער האָט אַרויסגעצויגן פון קעסטל איז אַליין אַריינגעפלויגן אין פייער, דאַדורך וואָס דער ווינט האָט אים אַרויסגעבלאָזן פון דעם יהודי'ס הענט, אָנדעם דאָס דער יהודי זאָל וויסן וואָס פאַראַ טובה אים איז דערפון אַרויסגעקומען. אַז עס איז אויף דעם גלח'ס געדאַנקען געקומען אַז דער יהודי ווייס פון זיין פאַלש־קייט איז ער שיעור משוגע געוואָרן. און ער האָט נאָר גע־

קלערט וויאַזוי זאָל מען דעם יהודי אומברענגען פון דער וועלט. ווייל שוין צוואַנציק יאָר וואָס דער גלח גייט נישט אַרויס פון זיין שטוב נאָר כדי דאָס ווען ער וועט שטאַרבן זאָל זיין נאָמען בלייבן פאַרהייליקט, און איצט אַז דער יהודי וועט אַמאָל אויסזאָגן זיין סוד איז זיין גאַנצע אַרבעט געווען בחינם.

די מיניסטאָרן ווידער זענען צוריק צו זייער אַרבעט, יעדע פאָר טעג האָבן זיי זיך צוזאַמען גענומען אויף אַ זיצונג און געטראַכט וואָס צו טוען. וואָכן אויף וואָכן האָבן זיי געטראַכט ביז זיי האָבן ווידער אויסגעפונען עפּעס אַן עצה קעגן דעם יהודי, אָבער איצט זענען זיי שוין געווען געוואָרנט און זיי האָבן ביי זיך באַשלאָסן אַז ביז דער יהודי וועט זיך געפינען אין דער הויפּטשטאָט זאָלן זיי גאָרנישט טוען. אויך האָבן זיי באַשלאָסן אַז דעם נייעם פּלאַן זאָלן זיי אַזוי אויספירן אַז אפילו דעם פּסק קעגן דעם יהודי זאָל דער מלך אונטערשרייבן אין דער צייט ווען דער יהודי וועט נישט זיין אין דער קעניגלעכער שטאָט, אַזוי אַז דער יהודי זאָל זיך נישט קאָנען ראַטעווען מיט זיין חכמה.

די מיניסטאָרן האָבן נישט געדאַרפט פיל וואַרטן ביז עס איז געקומען די צייט אַז דער יהודי זאָל אַרויספאָרן פון דער הויפּט־שטאָט. ווייל גלייך ווי ער האָט נאָר געהאַט געענדיקט אַביסל די אַרבעט אין דער הויפּטשטאָט און אין דער אַרומיקער געגנט האָט ער זיך גלייך געזעגנט פון מלך און זיך געלאָזט איבער דעם לאַנד. דער יהודי האָט פאַרשטאַנען אַז איבער דער צייט וואָס ער וועט נישט זיין אין דער הויפּטשטאָט וועלן אים די מיניסטאָרן ווידער אונטער רוקן עפּעס אַ שפּיצל, אָבער דאָס רחמנות אויף די איינוווינער פונעם לאַנד איז גרעסער געווען אין זיינע אויגן ווי דאָס רחמנות אויף זיך אַליין. אַלע טאָג איז אַלץ אָנגעקומען אַ שליח פון די ווייטע ערטער פונעם לאַנד, און האָט איבערגעגעבן פאַר דעם יהודי וואָס איז געווען דער

הויפּט אין קעניגלעכן הויז, פון די אכזריות׳דיקע אויפפירונג פון די „מושלים" קעגן די איינוווינער. ווייל זייט דער מלך איז קראַנק געוואָרן און ער האָט זיך אויפגעהערט צו מישן אין די מלוכה ענינים, האָבן די מושלים פון די שטעט און שטעט־לעך פון לאַנד איבערגענומען דאָס פירעכץ. יעדער מושל האָט זיך געפירט אין זיין געגנט ווי גלייך ער איז דאָרט דער מלך. און כדי צו ווייזן זייער ממשלה האָבן זיי נעבעך געפייניקט די שטילע אָרעמע איינוווינער פון זייער געגנט. אויך די רייכע איינוווינער פלעגן פיל ליידן פון די שרעקלעכע מושלים, אָבער על־פּי־רוב פלעגן זיך די עשירים אַרויסדרייען פון די מושלים׳ס אכזריות׳דיקע הענט דורך גרויסע סומען געלט. אָבער אויף די אָרעמע לייט איז נעבעך געווען אַ גרויס רחמנות, זיי האָבן שטענדיק געליטן, פיל מאָל האָבן די מושלים געפייניקט די אָרעמע איינוווינער ווען זיי האָבן אפילו נישט געהאַט די קלענסטע סיבה פאַר וואָס זיי צו פייניקן. זיי האָבן דאָס גע־טוען נאָר כדי צו ווייזן די עשירים וואָס זיי האָבן פאַרדינט מיט דעם וואָס זיי האָבן געצאָלט די גרויסע סומעס געלט.

כאָטש די מושלים האָבן געוווּסט אַז דער מלך מישט זיך נישט אין דער מלוכה, האָבן זיי זיך געשראָקן דאָס אויב מ׳וועט זיך דערוויסן אין דער הויפּט־שטאָט פון זייערע שענדלעכע מעשים וועלן זיי געשטעלט ווערן פאַר אַ משפּט, דעריבער האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן געזעץ אַז קיין שום איינוווינער טאָר נישט אַרויס פון זיין געגענט אָן דעם וואָס ער וועט באַקומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש דערצו. אַ חוץ דעם האָבן זיי זיך פאַרבונדן מיט די באַדינער פונעם קעניגלעכן הויז, און אויך מיט די מיניסטאָרן אַליין, און זיי האָבן מסדר געווען אַז ווער עס וועט קומען פון זייער אומגעגנט זיך פאַרקלאָגן אויף די מושלים זאָל גלייך געשלאָסן ווערן אין קייטן און צוריקגעפירט

ווערן אין זיין שטאָט און דאָרט געשטעלט ווערן צום משפט ווייל ער האָט איבערגעטרעטן דאָס דאָרטיקע געזעץ, אַז קיינער טאָר נישט אַרויסגיין אָן אַ דערלויבעניש. דערפאַר האָבן די מושלים געצאָלט גרויסע סומען געלט פאַר די מיניס־טאָרן מיט די באַדינער און קעניגלעכן הויף. אַזוי אַרום האָבן די מושלים אַזוי אַכזריות׳דיק נעבעך געפייניקט זייערע איינ־ווינער און אפילו צו וועמען זיך צו ווענדן צו הילף האָבן זיי נישט געהאַט.

פרישע ווינטן האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן איבערן לאַנד זייט דער יהודי האָט איבערגענומען די רעגירונג אין זיינע הענט. ביז צו די ווייטסטע ערטער פון לאַנד איז אָנגעקומען דער גוּ־טער נאָמען פון דעם יהודי, און אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד האָט מען דערפילט ווי עפּעס אַ לייכטער ווינט פון גערעכטי־קייט קומט פון דער קעניגלעכער הויפּשטאָט. דער גייסט פון אמת, ריכטיקייט, און יושר וואָס דער יהודי האָט אַריינגעבראַכט אין לאַנד, האָט ווידער דערוועקט אַ סך איינוווינער דאָס זיי זאָלן זיך איינשטעלן דאָס לעבן און אַרויפגיין אויף דער הויפּט־שטאָט אויסצוגיסן זייער ביטער האַרץ פאַר דעם נייעם רעגי־רער, דער יינגער יהודי. אָבער איצט איז זייער מי נישט געווען אומזיסט, איצט זענען זיי נישט געשלאָסן געוואָרן אין קייטן ווען זיי האָבן אויסגעגאָסן זייער צעגאַנגען האַרץ פון צרות פאַר דעם רעגירער. זייערע הייסע ביטערע טרערן זענען איצט געפאַלן אויף אַ וואַרעם יידיש האַרץ, אַ האַרץ מיט אַ טיפן געפיל פון רחמנות. אַזוי ווייט האָבן די פילע טרערן באַרירט דעם יהודי ביים האַרץ אַז ער האָט נישט געקוקט אויף זיין אייגענע אינטערעסן, און אויף די סכנות וואָס קאָנען אים אַרויסקומען אויב ער וועט איצט אַוועק פון דער הויפּטשטאָט, נאָר ער האָט זיך געזעגנט מיט דעם מלך, און ער צוזאַמען מיט עטלעכע פון

זיינע געטרייע מענטשן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבערן לאַנד.

ווען דער ייִנגער פּירער, דער יהודי, האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבערן לאַנד, האָט ער מבטל געווען די פּילע פֿאַלשע און אומגערעכטע געזעצן וועלכע די מושלים האָבן געהאַט אַרויסגעגעבן וועגן זייערע אייגענע אינטערעסן. צו אַלע איינוווינער איז צוריקגעקערט געוואָרן די פֿרייהייט, צו פֿאָרן איבערן גאַנצן לאַנד אָן קיין שום עקסטערע דערלויבעניש. אַלע פֿעלדער און פֿאַרמעגנס וואָס די מושלים האָבן געהאַט מיט הפקר׳דיקע געזעצן צוגענומען, זענען צוריק געגעבן געוואָרן פֿאַר זייערע ריכטיקע בעלי־בתים. הונדערטער מענטשן וואָס זענען צעגאַנגען און פֿאַרשוואַרצט געוואָרן אין די תּפיסות אָן קיין שום משפּט, זענען באַפֿרייט געוואָרן. אויך האָט דער יהודי צוגענומען די מאַכט פֿון די מושלים פֿון אַליין אַרויסגעבן געזעצן, און אפילו שטייערן האָט מער קיין מושל אַליין נישט געקאָנט שטעלן אָן אַ באַשטעטיקונג פֿון דעם קעניגלעכן הויף. די אַלע שטייערן וואָס די מושלים האָבן ביז איצט געהאַט געשטעלט, האָט דער יהודי מבטל געמאַכט, און אויף זייער אָרט איינגעפֿירט נייע שטייערן, וואָס זאָלן ווערן צעטיילט מיט אַ ריכטיקער אָרנטלעכער צעטיילונג, דאָס יעדער איינער זאָל קודם פֿון זיין פֿאַרדינסט קאָנען אָרענטלעך לעבן, און נאָר פֿון וואָס מען פֿאַרדינט מער פֿון וואָס מ׳ברויכט צום לעבן, נאָר פֿון דעם דאַרף מען צאָלן שטייער. צענטליקער געזעצן האָט דער יהודי מבטל געמאַכט און צענטליקער נייע געזעצן האָט ער אַרויסגעגעבן.

עס איז נישט געווען אַזאַ לייכטע מלאכה, די נייע אָרנטלעכע סדרים וואָס דער יהודי האָט געמאַכט, דורכצופֿירן. עטלעכע מושלים האָבן זיך געפּרוווט אַנטקעגנשטעלן קעגן די נייע געזעצן וואָס דער יהודי האָט איינגעפֿירט, און ער האָט זיי גע־

מוזט לאָזן בכבודם־ובעצמם אַרעסטירן און אַוועקשיקן צו דער קעניגלעכער שטאָט זיי דאָרט שטעלן צום משפט. אויך איז געווען מושלים וועלכע האָבן אונטער געשטעלט רוצחים דאָס זיי זאָלן הרגענען דעם יהודי. נישט איין פייל איז געשאָסן געוואָרן אויף דעם יהודי פון די אונטערגעקויפטע גזלנים און נישט איינמאָל איז ער שיעור געהרגעט געוואָרן. און אפילו די מושלים וואָס האָבן זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דעם יהודי האָבן אויך געקריצט מיט די ציין וועגן זיינע נייע סדרים וואָס ער האָט איינגעפירט. אָבער דער יהודי וואָס זיין ווילן צו העלפן דעם אונטערדריקטן פאָלק איז געווען שטאַרק ווי אייזן און זיין באַשלוס איז געווען פעסט ווי אַ פעלדזן, האָט זיך אויף דעם כעס פון די מושלים גאָרנישט אומגעקוקט און ביז אַ פּאָר חדשים האָט ער דורך געפירט זיין פּלאַן אין גאַנצן לאַנד. טויזנטער זעלנער זענען אומעטום געשטאַנען גרייט צו זיין באַפעל, ווייל וואָס ער האָט באַפוילן איז געווען אין מלכ׳ס נאָמען.

אין יעדער שטאָט און שטעטל האָט דער יהודי געזעצט עטלעכע יינגע יועצים וואָס זאָלן זיך אומקוקן אַז די נייע געזעצן וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן זאָלן פונקטלעך אויסגעפירט ווערן, מיט די יועצים איז ער געשטאַנען אַ גאַנצע צייט אין פאַרבינדונג, זיי האָבן אים אַלץ באַפוילן דורך שליחים צי עס פירט זיך אַלעס לויט די נייע געזעצן, און דורך זיי האָט ער זיך אומגעקוקט איבערן גאַנצן לאַנד. ערשט איצט האָט אָנגעהויבן דאָס אונטערדריקטע פאָלק פון לאַנד אופיר אויפצולעבן און אויפצואָטעמען פון אונטער דעם שווערן יאָך וואָס זיי זענען געלעגן ביי די שרעקלעכע אכזריותדיקע מושלים.

ווען דער יהודי איז שוין געווען ביי די גרענעצן פון לאַנד, האָבן זיך צוזאַמען גענומען די מיניסטאָרן אויף אַ זיצונג און

מיט גרויס שמחה האָבן זיי באַשלאָסן אַז אַט, זה היום! דאָס איז דער טאָג וואָס מיר קוקן שוין אויס נאָך אים אַזוי שווער.

— אפילו עס וועט געדויערן עטלעכע וואָכן — זאָגט דער משנה ביי דער זיצונג צו די אַנדערע מינסטאָרן — ביז מיר וועלן דורכפירן אונזער פּלאַן, וועט זיך אַלץ נישט קאָנען דער יהודי, וועלכער איז איצט אַזוי ווייט פון דער הויפּטשטאָט, דערוויסן פון אים.

— עס וועט גאָרנישט געדויערן אַזויפיל — זאָגט דער קריגס מיניסטער — ביז דער מלך וועט אונז אונטערחתמענען דעם פּלאַן, ווייל אין אַזויפיל צייט וואָס דער מלך האָט נישט געזען דעם יהודי, האָט זיך געוויס אָפּגעקילט זיין גרויסע ליבשאַפט צו אים.

— די אַנדערע וואָך מיטוואָך איז דער פּאַסיקער טאָג — רופט זיך אָן דער פינאַנץ מיניסטער — ווייל די אַנדערע וואָך מיטוואָך איז פונקט דער יאָרצייט פון דעם טאָג וואָס די ריזן האָבן אַוועקגעפירט די בת־המלכה.

ריכטיק! ריכטיק! האָבן זיך אַלע מיניסטאָרן אָנגערופן און עס איז טאַקע געבליבן אַז די אַנדערע וואָך מיטוואָך וועלן זיך ווידער אַלע מיניסטאָרן צוזאַמען קומען און אין איינעם גיין צום מלך. אינעם באַשטימטן טאָג זענען טאַקע אַלע מיניסטאָרן צוזאַמען געקומען, זיי האָבן ווידער געהאַלטן אַ לאַנגע זיצונג, זיי האָבן נאָכאַמאָל דורכגעשמועסט וויאַזוי יעדער איינער זאָל רעדן מיטן מלך און מיט דער מלכה, און ביים סוף האָט זיי דער משנה שטרענג אָנגעזאָגט אַז זיי זאָלן זען אַלעס צו טוען אַז זיי זאָלן מצליח זיין, ווייל אַז זייער פּלאַן וועט איצט נישט מצליח זיין, וועט זיך דער מלך נוקם זיין אין זיין אויך וועגן דעם פריי־ערדיקן בלבול און זיי אַלע וועלן צאָלן מיטן לעבן.

טו.

מיטוואָך נאָכמיטאָג, די צייט אין דרויסן איז אַ סאָלידע, לינדע ווינטן שאָקלען די בלעטער אויף די גרויסעביימער אין דעם מלך׳ס שפּאַציר־גאָרטן. אונטער אַ גרויסן בוים איז געזעסן ביי אַ שיינעם טיש דער מלך און די מלכּה, דער מלך האָט אַלץ געגעבן עפּעס אַ רעד צו דער מלכּה, און די מלכּה צום מלך. צווישן איין רעדן און צווייטן האָט געהערשט אַ טיפע שטיל־קייט, עס האָט זיך אָנגעזען ווי אַ גרויסער טרויער און אומעטי־קייט הענגט אין דער לופט. אין דער צייט, מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן די ריזן אַוועקגעפירט די בת־המלכּה. דער טאָג האָט מיט זיינע טריט געבראַכט אויף דעם קעניגלעכן הויז דעם גרעסטן און שרעקלעכסטן אומגליק.

דער מלך האָט עפּעס געזאָגט צו דער מלכּה, די מלכּה האָט גאָרנישט געענטפערט, ווידער איז אַראָפּ אַ שטילקייט, דער מלך איז ווידער געזעסן פאַרטראַכט אין זיינע געדאַנקען, און די מלכּה איינגעהילט אין אירע געפילן, ס׳איז געווען אַזוי שטיל אַז עס האָט זיך געהערט ווי איין צווייג פונעם בוים קלאַפּט זיך אָן אין דעם צווייטן. פּלוצים האָקט איבער די מלכּה דאָס טרויַ־ריקע שטילקייט און זאָגט צום מלך, אָבער פאָרט, האָטש איך בין זיכער דאָס ער איז אַן אמת׳ער ריכטיקער מענטש, און וואָס ער זאָגט צו, וועט ער געוויס מקיים זיין, פונדעסטוועגן גלייבט זיך מיר אַלץ נישט אַז ער וועט קאָנען מקיים זיין די הבטחה. ער האָט מיך שטענדיק באַרואיקט איך זאָל האָבן געדולד נאָך אַ ביסל וועט די צייט קומען וועט ער זי ברענגען, און איצט איז ער שוין אַוועק געפאָרן באַלד צוויי חדשים, ער פאָרט אַרום אין די עקן פונעם לאַנד און טראַכט גאָרנישט פון מקיים זיין די הבטחה. לויט ווי עס זעט מיר אויס איז זיין גאַנצע הבטחה גע־ווען נאָר בכדי אונז צו באַרואיקן, ווייל ווען ער קאָן זי ברענגען,

וואָלט ער זי שוין פון לאַנג געבראַכט. ער האָט מיר שטענדיק געזאָגט אַז פאַר דער צייט קאָן ער זי נישט ברענגען. וואָס פאַראַ צייט דאַרף דאָס קומען? און ווען זי קאָן טאַקע פריער נישט קומען צו אונז פאַר וואָס האָט ער אונז נישט געפירט צו איר. איך פיל אין מיין האַרץ, דאָס האַרץ פון אַ מאַמען, אַז אונזער קינד איז שוין לאַנג דערטרונקען געוואָרן און מיט אונזערע אויגן וועלן מיר זי שוין מער נישט זען.

— איך זאָל דיר אויסזאָגן דעם אמת — ענטפערט איר דער מלך — אויך מיינע געדאַנקען ראַנגלען זיך אַרום אין מיר צו זיינע ווערטער זענען אין גאַנצן ריכטיק, מיין שכל פאַרשטייט נישט וויאַזוי דאָס קאָן עקזיסטירן דאָס זי לעבט, אין דער צייט ווען טויזנטער ריזן האָבן געזען ווי זי זינקט אַרינטער אינטער די טיפענישן פון ים, און די צענטליקער געזונטע ריזן וואָס זענען גלייך נאָך איר אַריינגעשפּרונגען האָבן זי נישט געפונען, און ער זאָגט גאָר אַז זי לעבט?

— איבערהויפּט — זאָגט אַריין די מלכה אין מיטן זיינע ווער־טער — איבערהויפּט אַז דאָרט געפינען זיך אַזעלכע ווילדע פיש מיט ים־חיות דאָס די גרויסע ריזן זענען פון זיי פאַרוווּנדעט גע־וואָרן.

— נאָר — זאָגט ווייטער דער מלך — אין דער צווייטער זייט קאָן דאָך נישט זיין אַז ער זאָגט נישט ריכטיק, איך האָב דאָך פון אים באַקומען זיכערע סימנים וואָס ווייזן קלאָר אַז ער האָט נישט לאַנג מיט איר גערעדט. און אויך אַז ער, דער יהודי, זאָגט אַ וואָרט איז דאָס געוויס ריכטיק ווייל ער איז אַן איש־אמת, דעריבער בין איך נאָך פיל מיט דער האָפענונג אַז מיר וועלן נאָך האָבן די זכיה צו זען אונזער ליב קינד, און זיך מיט איר פרייען.

אַ טיפע שטילקייט האָט ווידער געהערשט אין דער לופט, פון

דער ווייטנס האָט זיך געהערט דאָס גערויש פונעם טייך וואָס האָט זיך געצויגן אין דעם קעניגלעכן שפּאַציר־גאָרטן. פּלוצים הערט זיך אַ גרינגער קלאַפּ אויפן טויער פון דעם גאָרטן. דער מלך האָט געזאָגט אַז מ׳קאָן אַריינקומען. דער אַלטער שומר קומט אַריין און זאָגט צום מלך אַז דער משנה מיט די מיניסטאָרן שטייען ביים טויער, זיי ווילן זיך שטעל פאַרן מלך.

— זאָלן זיי אַריין קומען — זאָגט אים דער מלך.

ווען דער שומר איז אַרויס פון גאָרטן זאָגט דער מלך צו דער מלכה, עס וועט זיי גאָרנישט העלפן, ביז מיין געטרייער קלוגער פּריינט וועט נישט צוריק קומען וועל איך גאָרנישט טוען, — ער שווייגט אַ מינוט און דערנאָך זאָגט ער מיט אַ שטרענגן קול, ווו זענען זיי די מיניסטאָרן געווען די גאַנצע צייט ביז ער איז געקומען, וואָס האָבן זיי זיך דעמאָלט נישט געמישט אין די מלוכה־ענינים. דעמאָלט האָבן זיי געלאָזט דאָס לאַנד צוגרונט גיין, זאָלן זיי זיך מיר ווייטער נישט מישן. ווען דער מלך האָט געזאָגט די ווערטער צו דער מלכה, האָט זיך געעפנט דער טויער און די מיניסטאָרן מיטן משנה בראש זענען אַריין געקומען אין קעניגלעכן שפּאַציר־גאָרטן.

— עפּעס אַ גוטע בשורה ברענגט איר מיר ? גיט אַ פרעג דער מלך.

— יאָ ! — ענטפערט מיט גרויס פרייד דער משנה, — זייט איך לעב האָב איך נאָך נישט געהאַט די זכיה מבשר צו זיין דעם מלך אַזאַ גרויסע בשורה. — און זאָגט ווייטער — ווען אַלע מיינע יאָרן זאָל איך נאָר האָבן געלעבט צוליב דעם היינטיקן טאָג, האָב איך שוין אויך נישט געלעבט בחינם.

— לאָמיר שוין הערן דיין בשורה, זאָגט דער מלך.

— אדוני המלך — רופט אויס מיט גרויס איבעראַשונג דער משנה, איך האָב די זכיה דיר מבשר צו זיין אַז דער מלך מיט

דער מלכה וועלן זיך נאָך זען מיט זייער טאָכטער, און טאַקע גאָר בקרוב.

— וואָס איז געשען ? וואָס האָסטו געהערט ? שרייט אויס די מלכה מיט גרויס נייגעריקייט.

היינט ווערט טאַקע דריי יאָר זייט די ריזן האָבן אויף אונז גע־בראַכט דאָס שרעקלעכע אומגליק מיט דעם וואָס זיי האָבן צוגע־רויבט אונזער קרוינפּרינצעסין די קלוגע בת־המלכה, אָבער היינט — זאָגט ווייטער מיט גרויס איבעראַשונג דער משנה — ווערט אויך דריי יאָר זייט איך צוזאַמען מיט אַלע מיניסטאָרן האַלטן אין איין טראַכטן וויאַזוי צו ראַטעווען די בת־המלכה. אפילו מיט די וויכטיקסטע זאַכן פון דער מלוכה האָבן מיר זיך נישט געוואָלט אָפּגעבן כדי אונזער קאָפּ זאָל זיין קלאָר און ריין צו דער חשוב־סטער זאַך, אונזער צוקונפטיקער מלכה צוריקברענגען. און נאָך דריי יאָר טראַכטן אָן אויפהער האָבן מיר אויסגעפונען אַ וועג וויאַזוי זי צוריק צו שטעלן פאַרן מלך.

ערשטנס האָבן מיר פעסטגעשטעלט אַז די בת־המלכה איז גאָרנישט דערטרונקען געוואָרן — זאָגט ווייטער דער משנה — אין דער היסטאָריע איז באַוווּסט צענטליקער פעלע פון מענטשן וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין ים הגדול און נאָך עט־לעכע יאָר זענען זיי אַרויסגעקומען פריש און געזונט. נאָכדעם וואָס מ'האָט זיי אויסגעפאָרשט האָבן זיי דערציילט אַז גלייך ווי זיי זענען אַריין געפאַלן אין ים האָט זיי געגומען אַ האַלבער מענטש און אַ האַלבער פיש אונטער זיינע אָרעם און האָט זיי צוגעפירט צו דעם גרויסן פּאַלאַץ פון דעם מלך פונעם ים דער „לוויתן". דאָרט זענען זיי געווען עטלעכע יאָר און דערנאָך זע־נען זיי צוריקגעקומען. עס איז באַוווּסט אין דער היסטאָריע אפילו אַ פאַל פון איינעם וואָס איז דאָרט געווען אין די מצו־לות־הים מער פון צוואַנציק יאָר און דערנאָך איז ער צוריק־

געקומען. איך ווייס אַז דאָס וועט געוויס אויסקוקן אין מלך'ס אויגן פאַר אַ ווילדן חידוש, אָבער אַז אַלע קלוגע מיניסטאָרן זענען זיכער דערין, איז דאָס אמת־ויציב, און דער מלך מיט דער מלכה דאַרפן גאָרנישט צווייפלען דערין אַז זייער חשובע טאָכטער געפינט זיך אין די פּאַלאַצן פון דעם גרויסן לוויתן, אונטער די אָפּגרונטן פון ים.

— אפשר טאַקע — גיט אַ שריי אויס די מלכה מיט אַ ציטער־ריק קול — אפשר טאַקע געפינט זיך מיין קינד ביי דעם לוויתן.

— אפשר?! — רופט זיך אָן דער קריגס מיניסטער — די מלכה איז נאָך מסופק דערין? עס איז גאָר קיין אפשר, עס איז זיכער, ווייל ווען נישט דאָס אַ האַלבער פיש און אַ האַלבער מענטש האָט זי אַוועקגעכאַפּט צו די פּאַלאַצן פונעם לוויתן ווי קאָן דאָס זיין אַז גלייך ווי זי איז אַריינגעפאַלן אין ים איז זי אויפן אָרט פאַרשוווּנדן געוואָרן, אַז אפילו די גרויסע געשיקטע ריזן וואָס זענען די גרעסטע שווימער אין דער וועלט, האָבן זי נישט געקאָנט געפינען?

— עס איז ביי מיר קיין שום ספק — זאָגט דער פינאַנץ מיניסטער — אַז דער לוויתן אַליין האָט זי געגעבן אַנעם צו צו זיינע פּאַלאַצן, ווייל ביי דעם ים פון די ריזן קומט דער לוויתן אַליין אָפּנעמען די קרבנות וואָס די ריזן שחטן צו אים אין זייער חאָגע, איז גלייך ווי ער האָט באַמערקט מיט זיין ווייטן בליק ווי די בת־המלכה פאַלט אַריין אין ים האָט ער זי געגעבן אַ נעם אָן און אַ שטעל אַריין אין זיין פּאַלאַץ ווו עס איז דאָ לופט פונקט ווי אינדרויסן פונעם ים.

— עס איז אויך מעגלעך — רופט זיך אָן דער אינערן מיניס־טער — אַז זי איז גאָרנישט אַליין אַריינגעפאַלן אין ים, ווייל ווי קאָן דאָס זיין אַזוי גלאַטיק ווי די ריזן האָבן דאָס געשריבן אַז זי האָט זיך אויסגעגליטשט אין ים אַריין, ווען אפילו אַ קליין קינד

וואָס קומט לעבן אַ געפּערלעכן ים ווייס עס פּאַרזיכטיק צו זיין, מכל־־שכן אונזער קלוגע בת־המלכה איז זיכער נישט געשטאַנען אויף אַזאַ אָרט ווי מ׳האָט זיך געקענט אַריין גליטשן.

— נאָר וואָס ? פרעגט די מלכה אַ נייגעריקע.

— איך טראַכט — זאָגט ווייטער דער אינערן מיניסטער — דאָס דער גרויסער קלאַנג פון איר טיפער חכמה וואָס האָט אויסגעקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט ביז צו די ריזן, איז אויך אָנגעקומען צום לוויתן, און ער האָט שוין לאַנג געפּלאַנעוועט איר אַוועק צו כאַפּן, און איצט ווען ער האָט איר דערזען ביים ברעג פון ים האָט ער, דער לוויתן הייסט עס, אונטערגעגראָבן די ערד אונטער איר און אַזוי אַרום איז זי פּלוצים געוועזן אין ים.

— זעט אויס — זאָגט ווידער דער משנה — אַז דער לוויתן האָט עקסטער אַן אויג אויף בת־המלכות. שוין אַ זעקס בת־המלכות וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן יאָרן לאַנג ביי זיך און דערנאָך האָט ער זיי באַפרייט (דאָ האָט דער משנה אויסגערעכנט די נעמען פון די מלכים און פון זייערע טעכטער און אין וועלכער צייט זיי האָבן געקעניגט און וויפל זיי, די בת־המלכות זענען געוועזן אונטערן ים, נאָכדעם האָט ער געזאָגט) אָבער אונזער בת־המלכה וועט ער שוין קיין לאַנגע צייט נישט האַלטן. מיר האָבן אַזוי לאַנג געקלערט ביז מיר האָבן אויסגעקלערט וויאַזוי זי אַרויסצונעמען פון אים.

— וואָס ? וואָס ? לאָמיר שוין הערן אייער עצה, און איך וועל אַלעס וואָס נאָר מעגלעך איז טוען כדי זי צוריקצובאַקומען, ווייל איך מוז שוין זען מיין קינד. מיין האַרץ האַלט דאָס שוין נישט אויס, און איך קאָן דאָס מער נישט איבערטראָגן, — די ווערטער און נאָך אַזעלכע ווערטער האָט די מלכה געשריגן מיט אַ

יעמערלעכן קול נאָכדעם וואָס די מיניסטאָרן האָבן זי אַזוי אָנ־געצויגן.

— די עצה איז אַ פּשוטע — זאָגט דער משנה — מיר אַלע מיניסטאָרן האַלטן אַז דער קלוגער יהודי וואָס איז אַזוי פּעאיק קאָן דאָס גאָר גרינג אַדורכפירן.

— אוי! אויך איך האָב גלייך געטראַכט אויף אים — האָט געגעבן אַ געשריי אַריין די מלכה אין מיטן דעם משנה׳ס רייד, און האָט ווייטער געזאָגט — זאָל איך כאָטש דערציילן דעם גאַנצן סוד, דער יהודי האָט אונז געזאָגט אַז עטלעכע וואָכן איידער ער איז געקומען צו אונז האָט ער גערעדט מיט אונזער בת־המלכה, און ער האָט אונז געגעבן גאָר שטאַרקע סימנים אַז זי לעבט, געוויס איז ער טאַקע געוועזן ביים לוויתן און דאָרט האָט ער מיט איר גערעדט.

מיט גרויס פרייד האָבן די מיניסטאָרן אויסגעהערט יעדעס וואָרט וואָס די מלכה האָט דאָ געזאָגט. ווי די מלכה האָט געענדיקט אירע ווערטער גיט זיך דער משנה אַ דריי אום צו די מיניסטאָרן און זאָגט זיי מיט אַ פּנים פול מיט פרייד ווי איינער וואָס האָט אַ גרויסן נצחון, אָבער איך האָב אייך געזאָגט אַז דער פויגל, דער פּעאיקער יהודי איז שוין געוויס נישט איינמאָל געוועזן ביים לוויתן, איצט גלייבט איר שוין?

— ווער קען דאָס נאָך איצט לייקענען — ענטפערט אים דער קריגס מיניסטער.

— ביי אים איז דאָס אַ קינדער שפּילעכל — זאָגט ווייטער דער משנה — דאָס ער זאָל צו שווימען צום לוויתן און געבן אַ ברענג די בת־המלכה. נאָר זעט אויס אַז דער יהודי איז פאַרט אַ ביסל אַ פוילער, און עס איז אים לייכטער אַרומצופאָרן איבערן לאַנד און אַרויסצוזעגבן באַפעלן אין מלך׳ס נאָמען, ווי צו שווי־מען אין ים.

— אָבער איך טראַכט — זאָגט דער קריגס מיניסטער — אַז עס איז בעסער ווי פריער מ׳ברענגט זי צוריק פון דעם לוויתן, ווייל לויט ווי עס איז באַקאַנט אין דער היסטאָריע זענען די אַלע מענטשן וואָס זענען צוריק געקומען פון לוויתן, געווען גאָר אָפּגעשוואַכט, און עס איז פשוט אַ שאָד אַז אונזער חשובע קרוינפּרינצעסין וואָס איז אַ שוואַך קינד און געפינט זיך שוין דאָרט, אונטער די מצולות־הים אַזויפיל יאָרן, זאָל נאָך מער אָפּגעשוואַכט ווערן.

— שיק שוין אַ שליח צום יהודי אַז ער זאָל גלייך ברענגען מיין קינד — האָט די מלכה געגעבן אַ געשריי צו דעם מלך, און פון אירע אויגן האָט זיך גענומען גיסן טייכן טרערן — איך וויל שוין זען מיין קינד, די מדינה האָט אַזויפיל אויסגעהאַלטן אָן אָרדענונג, וועט זי ווייטער אויך אויסהאַלטן, אָבער איך פיל ביי מיר דאָס איך קאָן מער נישט אויסהאַלטן און אויב ער וועט זי נישט גלייך ברענגען, וועט ער זי נישט האָבן צו וועמען צו ברענגען, ווייל איך וועל שוין זיין אין קבר. מיין האַרץ און מיין שוואַכער קערפּער קאָנען שוין מער נישט פאַרטראָגן דעם שווערן פּיין — האָט די מלכה ווייטער געשריגן צום מלך, און פון אירע אויגן האָבן זיך געגאָסן די טרערן ווי אַ שטורעם רעגן.

כאָטש דעם מלך האָט שטאַרק פאַרדראָסן אויף דער מלכה דאָס זי האָט אויסגעזאָגט פאַר די מיניסטאָרן דעם סוד וואָס דער יהודי האָט זיי איבערגעגעבן, האָט ער איר גאָרנישט געזאָגט, ווייל זעענדיק איר שרעקלעך געוויין, האָט ער אויף איר גרויס רחמנות באַקומען. נאָר ער האָט איר אָנגעהויבן אויסצוררעדן, ער האָט איר געזאָגט: איך טראַכט אַז דאָס קינד געפינט זיך נישט ביים לוויתן, ווייל ביים לוויתן איז נאָך קיינמאָל קיין

מענטש נישט געווען, און דאָס וואָס די מיניסטאָרן זאָגן אַז די היסטאָריקער שרייבן אַז אַ סך מענטשן זענען שוין געווען ביים לוויתן, דאָס שרייבן נאָר אַזעלכע שרייבערס וואָס מ׳קאָן זיך אויף זיי נישט פאַרלאָזן, ווייל עס איז דאָ גאָר פיל באַשרייבונ־גען וואָס ביים סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי זענען נישט ריכטיק. דעריבער מוז מען ביי יעדער היסטאָרישער באַשריי־בונג וויסן ווער זי האָט באַשריבן, און איך האָב נאָך נישט גע־פונען אין פאַרלעסלעכן שרייבער וואָס האָט געשריבן אַז ער אַליין האָט גערעדט מיט אַ מענטש וואָס איז געווען ביים לוויתן, אָדער מיט אַ מענטש וואָס איז געווען אַ לענגערע צייט אונטער די מצולות־הים און איז לעבן געבליבן. דעריבער טראַכט איך אַז די אַלע היסטאָרישע באַשרייבונגען פון מענטשן וועלכע זע־נען געווען אין די מצולות־הים יאָרן, זענען נישט ריכטיקע. נאָר אָבער אונזער טאָכטער בין איך זיכער אַז זי לעבט, ווייל אַז מיין יועץ האָט מיר געזאָגט אַז זי לעבט איז דאָס געוויס ריכטיק, אָבער נישט ביים לוויתן לעבט זי נאָר ערגעץ אויף אַן אינזל, און ווען מיין געטרייער יועץ וועט פאַרשטיין אַז ער קאָן זי אַרויסנעמען פון דאָרט וועט ער זי געוויס גלייך ברענגען. דער מלך האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר אַ גרינגער קלאַפּ אויף דעם טויער פונעם גאָרטן האָט איבערגעהאַקט זיינע ווערטער. דער מלך הייסט אַריין קומען. דער אַלטער באַדינער קומט ווי־דער אַריין, אויף זיין פּנים איז קענטיק געווען אַז ער איז שטאַרק איבעראַשט.

— וואָס איז געשען? פרעגט אים דער מלך.

— דער גרויסער גלח אַליין — ענטפערט דער באַדינער מיט אַ ציטערדיק קול — שטייט ביי דעם טויער און ער וויל קומען צום מלך.

— זאָל ער אַריין קומען — זאָגט דער מלך.

טו.

אַ שטילקייט איז עטלעכע מינוט אויף אַלעמען געלעגן, דאַן מאַכט זיך אויף דער טויער און עס קומט אַריין דער אַלטער גלח, וואָס אונטער די פּאָר חדשים זייט ער איז געווען דער שופט ביי דעם יהודי׳ס משפט איז ער פיל פאַרעלטערט געוואָרן. דער מלך האָט אים גלייך געהייסן זעצן, אָבער דער אַלטער גלח האָט מיט גרויס עניוות געענטפערט: ניין, ניין! איך קאָן נישט זיצן אין דער צייט ווען מיין האַרץ ברענט ווי אַ פייער.

— וואָס איז געשען? — פרעגט מיט אַ דערשראָקן קול דער מלך.

— אדוני המלך! — ענטפערט דער אגערנאצי מיט זיין שטילן סאָלידן קול — דו ווייסט אַז שוין צוואַנציק יאָר וואָס איך בין נישט אַרויס פון מיין הויז. איבער דער גאַנצער צייט האָב איך גאָרנישט געוווסט וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט, צו מיינע געדאַנקען איז נישט צוגעקומען נאָר היילִיקייט. און אַ חוץ די צוויי טעג, וואָס איך האָב זיך געשטערט ווענן דיין כבוד׳ס ווענן וואָס דו האָסט מיר שטרענג באַפוילן דאָס איך מוז זיין דער שופט ביי יענעם גרויסן משפט פון דיין יועץ, האָב איך קיין שום זאַך נישט געוווסט וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד. פונדעסטוועגן ווען איך בין מיר געווען פאַרשלאָסן אין מיין צימערל, האָבן מיינע געפילן פלוצים דערפילט אַז אַ שרעקלעך אומגליק הייבט זיך אָן צו דערנענטערן אויף דעם קעניגלעכן הויף און דאָס צעשפרייט זיך איבער דער גאַנצער מדינה. מיין האַרץ האָט מיך געריסן אָן אויפהער דריי טעג. דעם דריטן טאָג — דאָס איז טאַקע געווען אַזוי ווי היינט מיט עטלעכע יאָר צוריק — האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס האַרץ רייסט זיך מיר

אינגאַנצן אַרויס. איך בין געווען זיכער אַז קיין גרעסערע ווייַ־טאָק — דאָס הייסט קיין גרעסער אומגליק פאַר דעם לאַנד, איז גאָרנישט פאַראַן, אָבער נאָך דעם וואָס עס איז אַריבער דריי חדשים האָב איך פּלוצים דערפילט אַ בראָך אין מיין גאַנצן קערפּער. איך האָב דערפילט אַ בראָך אין אַלע ביינער אַז אַלע מיינע יסורים אין די דריי חדשים זענען געווען ווי גאָרנישט קעגן דעם פּלוצימדיקן בראָך. קיינעם האָב איך נישט געפרעגט וואָס דאָס איז, אָבער איך האָב געפילט אַז עפּעס אַ חשוב חלק פון פאָלק איז אַוועקגעריסן געוואָרן און מיט דעם חלק האָט זיך מיטגעריסן דאָס גאַנצע מזל פון אונזער לאַנד.

זייט דעמאָלט האָב איך זיך אַלץ געבעטן ביי די גרויסע לייט אין הימל זיי זאָלן מיר ווייזן דאָס חלק פון פאָלק וואָס איז אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן אַוועקגעריסן געוואָרן, אָבער עס איז אַלץ געווען פאַרשלאָסן די טיר פאַר מיר. מיט אַ יאָר צוריק האָט מען מיר געזאָגט, זאָלסט וויסן אַז עס איז גאָר שרעקלעך די געשטאַלט פון דעם חלק פון פאָלק וואָס דו מאַכסט אַזויפיל אָנשטרענגונגען עס צו זען, און דיין שוואַכער קערפּער וועט דאָס נישט קענען אַריבערטראָגן זעענדיק דאָס שרעקלעכע גע־שטאַלט פון דעם חלק. אָבער איך האָב נישט גערוט און איך האָב געזאָגט אַז עס וועט גאָרנישט העלפן, מ'וועט מיר דאָס מוזן ווייזן. מיט עטלעכע חדשים צוריק — זאָגט ווייטער דער אַלטער גלח — האָט מען מיר געזאָגט פון הימל אַז איך זאָל זיך צוגרייטן צו זען דאָס חלק וואָס איז אַוועקגעריסן געוואָרן, נאָר קודם זאָל איך מיר פאָרשטעלן אין מיינע געדאַנקען די שרעקלעכסטע צורות וואָס קאָנען נאָר זיין, און אין דעם טאָג וואָס עס וועט זיין דער יאָרצייט פון ווען דאָס אומגליק איז געשען וועט מען מיך צופירן צום אָרט ווי זי געפינט זיך.

ביז איצט האָט דער אַלטער גלח גערעדט מיט זיין געוויינט־

לעכן נידעריקן קול, אָבער ווי ער איז צוגעקומען צו די ווייטערדיקע ווערטער איז ער אָנגעצונדן געוואָרן ווי אַ פייער, זיינע צוויי דינע פאַרביסענע ליפּעלעך האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן, ער האָט געוואָרפן מיט די הענט און מיט די פוס, זיין קערפּער האָט זיך עפּעס איינגעדרייט ווי דער נחש־הקדמוני. אַ טויטשרעק איז געפאַלן אויפן מלך מיט דער מלכה, מיט אַ וויינעדיק קול האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען וויי איז מיר, און וויי איז צו מיינע אַלטע יאָר, ווי האָב איך זיך געפונען היינט און וואָס האָב איך געזען מיט מיינע אויגן.

מיט איילעניש נעמט ער אַרויס פון זיין טאַש אַ גרויסע מאַפּע פון מדינת אופיר און פון דעם ים אַרום דער מדינה, אונטער דעם ים איז געווען אויסגעמאָלן גאָר שיינע גרויסע קעניגלעכע פּאַלאַצן. אָט אָט! ווייזט ער מיט אַ ציטערדיקן פינגער, אָט דאָ אונטער די וואַסערן האָט מען מיך היינט אַריבערגעפירט מיט גרויס איילעניש, איבער די אַלע פּאַלאַצן פון דעם גרויסן לוויתן בין איך אין אַן אויגנבליק פאַריבער, ווייל דער לוויתן איז אויף מיר שטאַרק אויפגערעגט. פּלוצים האָב איך זיך דערזען אין אַ קליין שטיבעלע וואָס איז געווען אין אונטערשטן קעלער פון דעם לוויתנ׳ס פּאַלאַצן, איך האָב געפילט ווי איך ווער דערשטיקט פון דער שרעקלעכער נאַסער פאַרדומפּענער לופט וואָס האָט געהערשט אין דעם שטיבעלע, מיט אַ יאָמערלעך קול האָט זיך פּלוצים דער שטילער גלח צעשריגן אוי איז צו מיין לעבן, ווען האָב איך דערזען פאַר מיינע אויגן, אין אַ ווינקל אויף דעם נאַסן זאַמד ליגט האַלב פאַרחלשט און פאַרשמאַכט די איידעלע בת־המלכה, איך האָב זיך געוואָלט איינהאַלטן אָבער איך האָב בשום אופן נישט געקענט. פון די אָפּגרונטן פון מיין האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שרעקלעך געוויין, איך פרעג דאָס איידעלע בלאַסע קינד וואָס איז דיר? ווער האָט דיך אַהער

פאַרשלעפּט און ווער קאָן דיך פון דאַנען אַרויסשלעפּן, האָט זי מיר דערציילט אַ גאַנצע מעשה וואָס איך האָב אין מיין פאַר־שלאָסן הויז פון גאָרנישט געוווּסט, זי האָט מיר געזאָגט אַז די ריזן האָבן זי צוגענומען און אַז זי אַליין האָט אויסגערופן אַז זי וועט מיטגיין מיט די ריזן כדי צו ראַטעווען דאָס פאָלק מיט דעם מלך'ס הויז, און ווי עס איז מיט איר דערגאַנגען ביי די ריזן, און וויאַזוי עס איז פּלוצים איינגעזונקען דער גאַנצער ברעג פון ים דאָרט ווי זי איז געשטאַנען, און וויאַזוי עס האָט איר גלייך גענומען אַ האַלבער מענטש און אַ האַלבער פיש און האָט איר צוגעטראָגן אין די קעניגלעכע פּאַלאַצן. זי האָט מיר געזאָגט אַז ביז פאַר דריי טעג איז איר נאָך נישט אַזוי ביטער געווען, ווייל זי האָט זיך געפונען אויבן ביי דעם לוויתן און מ'האָט זיך מיט איר געפירט ווי מיט אַ מלכה, אָבער מיט דריי טעג צוריק האָט זי זיך מיט אַ קליינינקייט פאַרזינדיקט האָט מען איר אַריינגעוואָרפן דאָ אין דער תפיסה, דאָ באַקומט זי נאָר צו עסן טויטע אומגעקאָכטע פיש, און צו טרינקען געזאַלצן וואַסער פון ים. עס פאַרשטייט זיך אַז איך קאָן דאָס נישט אין מויל אַריין נעמען. דעריבער האָב איך שוין דריי טעג גאָרנישט געגעסן. זי האָט אַזוי ביטער געוויינט ווען זי האָט גערעדט, אַז מיין האַרץ איז שיעור צעגאַנגען אויף וואַסער. זי האָט געזאָגט אַז זי קען שוין אין זיך נישט אַריין ציען די שרעקלעכע לופט פון די טויטע פיש, יעדע מינוט פילט זי ווי זי ווערט דערוואָרגן.

דער אַלטער גלח האָט ווידער אויסגעבראָכן מיט אַ שרעקלעך געוויין און האָט געשריגן וואָס בין דאָס אַזוי זינדיק געווען אַז איך האָב געדאַרפט מיט מיינע אויגן זען ווי די בלייכע בת־המלכה ליגט דאָרט אויף דעם נאַסן זאַמד אין דעם פאַרמאַכטן קעלער ציטערט פון קעלט, גייט אויס פון הונגער, און וואַרגט זיך פון דער שרעקלעכער לופט...

די לעצטע ווערטער פון דעם גלח האָט שוין דער מלך מיט דער מלכה נישט געהערט. עס איז געוואָרן אַ יללה אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ. די מלכה האָט געחלשט, און דער מלך פילט זיך שטאַרק נישט גוט. מען האָט גערופן די קעניגלעכע דאָק־טוירים. אין איין זייט האָט מען געמונטערט די מלכה, און אין דער צווייטער זייט האָט מען אויף אַ בעטל אַריין געפירט דעם מלך אין זיין שלאָף צימער. נאָך פילע אָנשטרענגונגען פון די דאָקטוירים האָט מען די מלכה דערמונטערט, און אויך דעם מלך איז אַביסל בעסער געוואָרן. די דאָקטוירים האָבן קיינעם נישט אַריינגעלאָזט צום מלך, ער מוז עטלעכע טעג רוען אָן קיין איינציקער שטערונג. האָבן זיי יעדן אָפּגעענטפערט, אפילו דעם משנה אַליין האָט מען נישט אַריין געלאָזט.

אַז דער אַלטער גלח וואָס איז געווען דער גרעסטער און איינ־געזעענסטער אין גאַנצן לאַנד איז צוגעקומען האָבן אויך גע־פּרוּווט די דאָקטוירים אים נישט אַריין לאָזן, אָבער אַז ער האָט זיך געגעבן אַ בייזער אויס אויף זיי, און געזאָגט צו זיי אַז איך גיב נאָר אַ זאָג איין וואָרט דעם מלך, וועט דאָס אים מער פון אַלע איערע רפואות העלפן, זענען זיי שטיל געוואָרן. ער האָט זיי געגעבן אַ שטויס אַוועק פון דער טיר, דערביי האָט ער גע־שריגן וועגן געזונד פון מלך מוז איך גלייך אַריין צום מלך, און איז אַריין אין דעם צימער ווו דער מלך איז געווען.

ווייס ווי קאַלעך איז דער מלך געלעגן אין זיין בעט, דער אַל־טער גלח גייט צו צו אים און הייבט אים אָן צו גלעטן ביי דער האַנט און זאָגט אדוני המלך, איך וויל דיך נישט סתם טרייסטן, וואָס איך זאָג אַרויס פון מיין מויל איז הייליק, דו וועסט נאָך גאָר בקרוב זען דיין טאָכטער, באַרואיק דיך.

— וויאַזוי ? — פרעגט דער שוואַכער מלך.

— איך האָב געפרעגט די בת־המלכה — זאָגט דער גלח —

ווער עס קאָן איר פון דאָרט אַרויסנעמען? האָט זי מיר געזאָגט אַז איין מענטש איז פאַראַן אויף דער וועלט וואָס קאָן איר העלפן, דאָס איז דער יהודי, ער איז אַ גרויסער בן־בית ביי דעם לוויתן, ער קומט גאַנץ אָפט אַריין אין זיינע פּאַלאַצן, און דער לוויתן אַליין גיט אים אָפּ גרויס כבוד, ער האָט מיר דאָס לעצטע מאָל צוגעזאָגט אַז ער וועט מיך אַהיים פירן צו מיינע עלטערן, נאָר זייט דעמאָלט — שוין מער פון אַ האַלב יאָר — איז ער נישט דאָ געווען, אויב דו קענסט אים אָפּזוכן און אים גלייך שיקן צום לוויתן, קאָן ער מיך ראַטעווען, זאָלסט אים אָבער זאָגן אַז איך ליג דאָ אין דער שרעקלעכער תפיסה כדי ער זאָל זיך צואיילן, ווייל ער האָט מיך נאָך איבערגעלאָזט ווען מיר איז נישט אַזוי שלעכט געווען.

אַז דער שוואַכער מלך האָט דערהערט די ווערטער פון דעם גרויסן ערלעכן גלח, האָט ער געגעבן אַ זאָג: איך גיב שוין אַ באַפעל אַז דער יהודי זאָל גלייך קומען אַהער, און איך וועל אים גלייך שיקן ראַטעווען מיין טאָכטער.

— קומען אַהער?! פרעגט דער גלח מיט ווונדער — צו וואָס זאָל זי נעבעך צעגיין פון יסורים נאָך עטלעכע וואָכן ביז דער יהודי וועט קומען אַהער.

— ווייל — ענטפערט דער מלך מיט זיינע לעצטע כוחות — ווייל דער יהודי איז מיר שטאַרק געטריי, קאָן זיין דאָס ער האַלט פונקט פאַר דעם ענדיקן די וויכטיקע אַרבעט פון איין אָרדענונג צו ברענגען דאָס לאַנד, וועט ער זיך נאָך פאַרזאָמען ביז ער וועט שוין איינגאַנצן ענדיקן זיין אַרבעט, און ביז דערווייל קאָן חלילה מיין טאָכטער אויסגיין פון יסורים.

טיף טיף אין האַרצן האָט דער מלך געהאַט גאַנץ אַ צווייטע מחשבה פאַר וואָס ער האָט געוואָלט אַז דער יהודי זאָל קודם אַ היים קומען. כאָטש דער שוואַכער מלך האָט נישט געוואָלט

לאָזן אויף זיינע געדאַנקען ברענגען אַזאַ מחשבה אַז דער אַל־טער גרעסטער גלח זאָל זאָגן זאַכן וואָס זענען נישט ריכטיק, האָט ער אָבער דאָך געוואָלט די זאַך געֶנוי דורכשמועסן מיט זיין יועץ.

— עס איז דאָ אַ צווייטע עצה דערצו אַז ער זאָל זי גלייך ברענגען — זאָגט דער גלח צום מלך — אויב דער מלך וועט שרייבן אין זיין בריף צו דעם יהודי דאָס ווי ער וועט נאָר ברענגען די בת־המלכה וועט זי ווערן זיין כלה, וועט דער יהודי געוויס גלייך אַוועקשווימען נאָך איר, ווייל לויט ווי איך האָב געזען ביים משפט אויף דעם יהודי׳ס צורה איז ער גאָר פעאיק און געשיקט דאָרט ווו עס איז נוגע צו זיינע אייגענע אינטערעסן. און איך זאָג טאַקע דעם מלך — זאָגט ווייטער דער גלח מיט גרויס ערנסטקייט — דאָס כאָטש עס איז דאָך דאָ אַ געזעץ דאָס דער מלך קאָן נישט נעמען פאַר די קרוינפּרינ־צעסין פאַר אַ מאַן נאָר ווער עס האַלט אונזער גלויבן פון מדינת אופיר. פונדעסטוועגן ביי דעם דאָזיקן פאַל וואָס דער יהודי ראַטעוועט דאָך דער פּרינצעסינס לעבן, און עס קאָן נאָך זיין אַז ער וועט דאַרפן איינשטעלן זיין לעבן וועגן איר, צוליב דעם גיב איך, אַלס דער גרעסטער גלח פון לאַנד, רשות דאָס דער יהודי זאָל קאָנען ווערן דער חתן־המלך אפילו אויב ער וועט בלייבן ביי זיין יידישער אמונה. איך בין זיכער דאָס גלייך ווי דער יהודי וועט באַקומען אַזאַ בריף פונעם מלך וועט ער גלייך צופאָרן צום נעֶנטסטן ברעג פון ים וואָס וועט זיך געפינען אויף דעם אָרט ווו ער איז, און וועט אַריין שפּרונגען אין ים און צושווימען צום לוויתן און ברענגען די בת־המלכה. נאָר — זאָגט ווייטער דער אַלטער גלח — עס קאָן זיין דאָס עס וועט נישט פּאַסן דעם יהודי דאָס גלייך ווי מ׳האָט אים צוגעזאָגט אַזאַ באַלוינונג איז ער געפאָרן איר ברענגען, און ביז איצט האָט ער

זי נישט געבראַכט, און דערפאַר וועט ער ערשט איצט וועלן וויזן זיין געטריישאַפט און איבערגעבנקייט צום לאַנד, און וועט בלייבן ביז ער וועט אינגאַנצן אָרדענען די ענינים פונעם לאַנד. דעריבער מוז דער מלך אויך געבן אַ באַפעל צו די זעלנער וואָס וועלן טראָגן דעם בריף צו דעם יהודי, דאָס אויב ער וועט נישט גלייך אַליין צו פאָרן צום ברעג ים און אַריין שפרונגען אין ים, זאָלן אים די זעלנער מיט געוואַלט אַריינוואַרפן אין ים און צו שיקן צום לוויתן... דער מלך דאַרף גאַרנישט צו זאָרגן אַז דער יהודי וועט דערפאַר בייז זיין אויפן מלך, ווייל ווען ער וועט קומען צום לוויתן און וועט זען אין וואָס פאַראַ קעלער די בת־המלכה געפינט זיך, איצט וועט ער געוויס מיט זיין געטריישאַפט נאָך דאַנקבאַר זיין פאַר דעם מלך דאָס מ׳האָט אים נישט געלאָזט פאַרשפּילן דאָס לעבן פון דער בת־המלכה.

איצט האָט זיך ווידער געמאַכט דער גלח גאָר אַן ערנסט פּנים און ער האָט געזאָגט צום מלך, עס איז אַ שאָד און אַ רחמנות אויף יעדער רגע וואָס דאָס אידעלע קינד פייניקט זיך דאָרט אין דעם פינצטערן קעלער. אויב דער מלך וויל זאָל ער זאָגן דעם קעניגלעכן שרייבער אַז ער זאָל גלייך אָפשרייבן דעם בריף צו דעם יהודי.

דער מלך וואָס איז נעבעך געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט און דער־געסן פון רחמנות אויף זיין טאָכטער, האָט נישט געוואָלט אַז דער אַלטער גלח זאָל טראַכטן אַז ער גלויבט אים נישט וואָס ער זאָגט אַז ער האָט זי אַליין געזען אין דעם קעלער, דעריבער האָט ער אַריינגערופן זיין שרייבער און האָט אים געהייסן שרייבן צום יהודי אַ בריף ביים סוף פונעם בריף האָט דער אַלטער גלח אַליין צוגעשריבן אַז ער באַשטעטיקט אַז דער יהודי וועט קאָנען ווערן דער חתן־המלך אָן דעם וואָס ער זאָל פאַר־לאָזן זיין יידישע אמונה. ווען דער מלך האָט געהאַט אונטער־

געשריבן דעם בריף, האָט דער אַלטער גלח ווידער געזאָגט צום מלך: איצט דאַרף מען נאָך אָפּשרייבן אַ באַפעל צו די זעלנער וועלכע וועלן טראָגן דעם בריף אַז זיי זאָלן צו איילן דעם יהודי אַז ער זאָל גלייך שווימען צום לוויתן און ברענגען די בת־המלכה.

דער מלך האָט נישט געהאַט קיין גרויס חשק צו שרייבן דעם בריף, נאָר אַזוי ווי ער האָט שוין נישט געהאַט קיין כוח און ער איז שוין געווען גאָר פאַרשלאָפן האָט ער געהייסן זיין שרייבער אַז ער זאָל אָפּשרייבן אַ באַפעל אַזוי ווי דער געער־טער אַלטער גלח וועט אים הייסן. און אָן קיין שום דרישות־וחקירות האָט דער מלך אונטערגעחתמעט דעם צווייטן בריף ווען ער האָט שוין האַלב געשלאָפן. איצט האָט זיך איינגעבויגן דער גלח צום דעם פאַרשלאָפענעם מלך און ער האָט אים גע־זאָגט, דער גורל פון דיין טאָכטער ליגט איצט אין די הענט פון דעם יהודי, זאָלן מיר האָפן אַז ער וועט געוויס טוען וואָס ער דאַרף טוען און ער וועט זי נאָך ראַטעווען, און דער מלך וועט זיך טאַקע גאָר אין קורצן זען מיט איר, אַזוי ווי מיר בעטן שוין יאָרן דערויף.

ווען דער אַלטער גלח איז אַרויס פון מלך זענען אים גלייך באַפאַלן די מיניסטאָרן, זיי האָבן געוואָלט וויסן צי דער פּלאַן איז געלונגען. אַז דער גלח האָט זיי געוויזן די צוויי אונטער־געחתמעטע בריף פונעם מלך, האָבן זיי געטאַנצט פאַר פרייד. זיי האָבן זיך אַליין נישט געוואָלט גלויבן אַז דאָס קאָן טאַקע ריכטיק זיין אַז עס איז זיי אַזוי שנעל געלונגען אַרויסנאַרן פון מלך די חתימות. עס איז ביי זיי געבליבן אַז מ׳זאָל די גאַנצע זאַך האַלטן שטאַרק בסוד, ווייל זיי האָבן געוווסט אַז אויב דער המון־עם וועט זיך דערוויסן פון דער מעשה, וועלן זיי מאַכן אַ גרויס געשריי, זיי וועלן גלייך פאַרשטיין אַז מ׳וויל דאָ דער־

טרונקען דעם יהודי וואָס האָט געראַטעוועט דאָס לאַנד פון דעם שטענדיקן פיין וואָס איז געלעגן אונטער אים.

דער משנה האָט נישט געמאַכט קיין גרויסע הכנות. ער האָט זיך געשראָקן אפשר וועט זיך נאָך דער מלך מיישב זיין און מבטל זיין דאָס שליחות צו דעם יהודי, דעריבער האָט ער זיך נאָך די נאַכט אויסגעקליבן אַ גרופּע זעלנער און גאַנץ פרי נאָך איידער עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט צו דער נסיעה, און געפאָרן צו דער געגנט ווו דער יהודי האָט זיך אויפגעהאַלטן. טאָג און נאַכט איז ער געפאָרן, ווייל ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער דעם באַפעל אויספירן. נאָך אַ לאַנגער נסיעה האָבן זיי געזען ווי פון דער ווייטנס דערנענטערט זיך אַ גרויסע קאָמפּאַניע. זיי קוקן זיך גוט איין, זעען זיי דעם יהודי אין מיטן פון דער קאָמפּאַניע פריילעך און לוסטיק. דער משנה טראַכט זיך דער יהודי קומט איצט צוריק נאָך אַ גרויסן זיג, קיינער האָט נישט געטראַכט אַז ער וועט צוריק קומען אַ לעבעדיקער נאָך אַזאַ שטרענגן אָרדענונג וואָס ער האָט אויסגעפירט קעגן די מושלים וואָס אַלע מיניסטאָרן האָבן געציטערט פאַר זיי. ער האָט פאַר אונז געטועזן גאָר אַ חשובע אַרבעט, אָבער ער האָט זי שוין געענדיקט, און דעריבער קאָן ער שוין גיין. ער גיט אַ קוק אויף די צוויי בריף וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך און ווערט פול מיט פרייד, אָט — טראַכט ער זיך — דאָ ליגט זיין סוף.

טז.

ווען דער יהודי האָט פון דער ווייטנס דערזען דעם משנה, און ער האָט געזען זיין ברענענדיקע שמחה האָט ער גלייך פאַרשטאַנען אַז אָט ליגט דאָ ווידער עפּעס אַ בלבול וואָס די מיניסטאָרן ווילן אים אונטער רוקן.

ווי דער משנה האָט זיך נאָר דערגענטערט צו דעם יהודי האָט ער אים מיט אַ געלעכטער אויפן פנים געזאָגט, איך וויל דיר ווינטשן אַ האַרציקן מזל־טוב צו דעם וואָס דו ביזט געוואָרן דער חתן־המלך אַזוי ווי דו וועסט זען אין דעם בריף. ווי ער זאָגט די ווערטער דערלאַנגט ער אים דעם לאַנגן בריף פון דעם מלך. דער יהודי נעמט דעם בריף אין די הענט און לייענט פון אים.

צו מיין נאָענטסטן און בעסטן פריינט, מיין געטרייער יועץ וואָס מיין נאָמען ליגט אין אים אויסצופירן דאָס גרויסע שליחות איבערן גאַנצן לאַנד.

ליבער פריינט!

עס איז מיר זייער נישט אַנגענעם אַז נאָך איידער דו האָסט געענדיקט דאָס גרויסע און שווערע שליחות וואָס איך האָב דיך דערמיט באַמיט ביז איצט, און נאָך ווען דו האַלטסט אין מיטן דער אַרבעט מיט אַזאַ געטריישאַפט, מוז איך דיך שוין ווידער באַמיען, און דערצו מיט פיל אַ שווערער שליחות.

מיין האַרציקער פריינט! גלויב מיר ערלעך אַז ווען איך וואָלט נאָר געהאַט עפּעס אַן עצה וואָלט איך דיך געוויס נישט מטריח געווען, נאָר אָבער אַזוי ווי קיינער איז נישט באַקאַנט אין די פאַרבאָרגענע וועגן פון ים צום לוויתן אַ חוץ דיר, און אַזוי ווי דאָ האַנדלט זיך אין לעבן פון מיין איינציקע בת־יחידה דער קרוין פון לאַנד, וואָס אין איר לעבן איז אָפּהענגיק מיין לעבן מיטן לעבן פון דער מלכה און דאָס גליק פון דער גאַנצער מדינה, דעריבער מוז איך — קעגן מיין ווילן — דיך ווידער מטריח זיין און דערצו גאָר דרינגענט און שנעל.

זיי וויסן אַז די בת־המלכה וואָס דו האָסט זי דאָס לעצטע מאָל געזען אין די פּאַלאַצן ביי די חצרות־מלכים פון לוויתן, איז מיט אַ פּאָר טעג צוריק פאַרטריבן גע־וואָרן פון דאָרט און זי געפינט זיך שוין מער נישט אין די פּאַלאַצן, נאָר זי געפינט זיך איצט ערגעץ אין אַ טיפן פינצטערן קעלער ווי עס קומט נישט צו אפילו אַ טראָפּן לופט. היינט האָט זיך מיט איר געטראָפן דער גרויסער און חשובער גלח אגערנאצי — וואָס זיין אָרענטלעכקייט האָסטו שוין אַליין געקאָנט זען ביי דעם ריכטיקן פּסק וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן ביי דיין משפּט, וואָס דורך אים האָט ער דיך געראַטעוועט פון דעם פאַלשן בלבול — האָט זי אים געבעטן אַז ער זאָל דיר איבערגעבן אין איר נאָמען, אַז זי בעט דיך מיט דעם לעצטן אָטעם פון לעבן וואָס געפינט זיך נאָך אין איר, אַז דו זאָלסט גלייך אַראָפּשווימען צו איר, און צוגיין צום קעלער ווו זי גע־פינט זיך און מיט איר צושווימען צום לוויתן און בעטן ביי אים ער זאָל זי שוין צוריקלאָזן צו אירע עלטערן. זי האָט מיר באַפוילן אַז דו ביזט דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט וואָס קאָן איר העלפן, ווייל דו ביזט דער איינציקער מענטש פון דער טרוקעניש וואָס איז אַ יוצא־ונכנס ביים לוויתן.

כדי זאָלסט נישט דאַרפן צוריקקומען ביז אַהער צו דער הויפּטשטאָט דאָס דער געערטער גלח זאָל דיר פּינקטלעך געבן צו פאַרשטיין ווו דער קעלער וועלכער זי איז אין אים פאַרשלאָסן געפינט זיך, האָט זיך דער אַלטער און שוואַכער גלח אַליין באַמיט און האָט דיר אויסגעמאָלן אַ גענויע מאַפּע פון אַלע פּאַלאַצן פון לוויתן און פון די פילע קעלערס, און ער האָט דיר געמאַכט אַ

סימן אין וועלכן קעלער זי געפינט זיך, אויך האָט ער מיט זיין טריישאַפט דיר באַצייכנט דעם נאָענטסטן וועג וויאַרום מ׳קאָן דאָס שנעלסטע צוקומען צו דער קאַמער.

איך בין פול מיט דער האָפענונג אַז גלייך ווי דו וועסט דעם דאָזיקן בריף באַקומען, און וועסט זען מיין גרויסע בקשה פון טיפן האַרץ צו דיר אַז זאָלסט דיך נישט פאַרזאָמען, וועסטו געוויס באַלד מיט גרויס ליבשאַפט און געטריישאַפט אין דער שנעל און איילעניש דורכפירן דאָס חשובע שליחות.

כדי די אַרומיקע מענטשן וועלכע העלפן דיר צו צו מיין ערשטן שליחות פון אין אָרדענונג ברענגען דאָס לאַנד זאָלן דיך נישט אויפהאַלטן איין רגע, אפילו מיט דער וויכטיקסטער און דרינגענסטער זאַך, האָב איך געגעבן אַ באַפעל צו די וואָס ברענגען דיר דעם בריף אַז ביז אַ שעה פון ווען דו וועסט דערהאַלטן דעם בריף מוזסטו זיך נעמען אויספירן דאָס דאָזיקע שליחות, און אויב דו וועסט דיך אַליין נישט נעמען דערצו זאָלן זיי דיך מיט געוואַלט ברענגען דערצו זאָלסט גלייך צושווימען צום לוויתן, נאָר איך בין זיכער אַז עס וועט נישט צוקומען דערצו.

בייב סוף וויל איך דיר מיט גרויס פרייד צוזאָגן אַז גלייך ווי דו וועסט קומען מיט מיין טאָכטער וועט זי דיר געגעבן ווערן פאַר אַ כלה און דאַמיט וועסטו ווערן דער חתן־המלך. וויסנדיק דיין טריישאַפט און צוגעבונדנקייט צו דער יידישער אמונה, האָט דער ליבליכער געטרייער אגערנאצי באַשטעטיקט דאָס דו וועסט קאָנען ווערן דער חתן־המלך אפילו דו וועסט ווייטער בלייבן ביי דיין יידישן גלויבן.

פון מיר דיין אמת'ער טרייער פריינט, וואָס בעט אַז דיין גרויס שליחות זאָל ווי שנעלער געקריינט ווערן מיט דער פולער הצלחה, און קוקט שוין אויס זיך צו זען מיט זיין איינציק קינד און מיט דיר אַלץ חתן־המלך.

חתמעט מיט האַרצווייטאָג און מיט געבעט.

מלך „מדינת־אופיר״.

ביים סוף פון דעם לאַנגן בריף איז געווען צוגעשריבן מיט אַ שריפט — וואָס איז קענטיק געווען אויף איר — דאָס גאָר אַן אַלטע האַנט האָט זי געשריבן — די דאָזיקע ווערטער.

אַלס דער עלטסטער און גרעסטער גלח פון לאַנד אופיר, באַשטעטיק איך אַז דער קעניגלעכער יועץ וואָס וועט ברענגען די בת־המלכה זאָל קאָנען ווערן דער חתן־המלך אָן דעם וואָס ער זאָל אַריבערגיין צו דעם אופיר'ישן גלויבן, נאָר אפילו ער וועט ווייטער בלייבן ביי זיין יידישער אמונה, זאָל ער און דאַרף ער ווערן דער חתן־המלך.

וויסנדיק די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ליגט אין מיינע אויוון דערמאַנטע ווערטער חתמע איך מיין נאָמען.

אַגערנאַצי

דער געטרייער פאָטער פון קעניגלעכן הויז

און פון פאָלק

ווי דער יהודי האָט געענדיקט לייענען דעם בריף האָבן אים אָנגעהויבן צו ציטערן הענט און פוס, ער האָט גלייך פאַרשטאַנען וואָס די מיניסטאָרן צוזאַמען מיט דעם אַלטן גלח האָבן אים דאָ אונטערגערוקט. עס האָט אים שוין איצט גענוג לייד געטוען פאַר וואָס ער האָט נישט אויסגעזאָגט פאַרן פאָלק דעם סוד פון

דעם פאַלשן גורל וואָס דער אַלטער גלח האָט געהאַט געמאַכט ביי זיין פּסק. ער האָט עס נישט אויסגעזאָגט ווייל ער האָט רח־מנות געהאַט אויפן אַלטן גלח, איצט אַז ער האָט געזען ווי דער גלח באַצאָלט אים מיט אַזאַ שלעכץ וועגן זיין רחמנות, האָט אים שוין באַנג געטוען דערויף, אָבער עס איז געווען צו שפּעט. עס האָט דעם יהודי וויי געטוען אַז איצט נאָכדעם וואָס ער האָט אַזוי שווער געאַרבעט און מיט אַזויפיל מי דורכגעפירט די נייע סדרים פון לאַנד, וועט אַלעס צוגרונט גיין.

— וואָס וועט איצט זיין מיט דיין קאַבינעט? — גיט אַ פרעג דער משנה מיט אַ געלעכטער פול מיט רציחה, דעם יהודי. און ווי ער זאָגט די „חכמה" האָט ער אים מיט אַ שמייכל דער־לאַנגט די מאַפּע, און זאָגט אים, דער אַלטער גלח האָט זיך באַ־מיט אויסצומאָלן די מאַפּע אַז דאָס איידעלע קינד זאָל ווי שנע־לער אויסגעלייזט ווערן, דעריבער בעט איך דיך זאָלסט דיך צואיילן עס זאָל נישט צוקומען דערצו אַז מיר זאָלן דיך דאַרפן אַריינוואַרפן אין ים מיט גוואַלט. דער יהודי האָט גאַנץ גוט געוווסט אַז מיט דעם משנה וואָס ער מיט זיינע חברים האָבן אויסגעאַרבעט דעם בלבול כדי אים צו דערטרונקען, האָט ער נישט וואָס צו געבן צו פאַרשטיין אַז קיין מענטש איז נאָך נישט געווען ביים לוויתן, דעריבער האָט ער זיך געפּרוווט אויף אַ צווייטן אופן, ער האָט גענומען די מאַפּע אין די הענט און מיט גאָר אַן ערנסטקייט געקוקט אין איר און זיך געמאַכט ווי גלייך ער טראַכט אַריין אין יעדן שטרעכעלע וואָס איז געווען געשריבן אויף דעם גרויסן פּאַרמעט ווו דער אַלטער גלח האָט געהאַט אויסגעמאָלן פיל פּאַלאַצן. ביים סוף האָט ער אַ זאָג געטאָן: איך פאַרשטיי נישט וויאַזוי אַ מענטש וואָס איז געווען אין די חצרות־מלכים פון לוויתן און האָט געזען וואָס פאַראַ פּאַלאַצן דאָרט געפינען זיך זאָל אויסמאָלן אַזאַ מאַפּע. די חצרות־מלכים

פון לויתן צעשפרייטן זיך דאָך אונטער דער גאַנצער וועלט, און יעדעס פינטעלע אויף דער מאַפּע וואָס דער גלח האָט אויס־געמאָלן פאַרנעמט דאָרטן אונטערן ים שטחים וואָס זענען מיילן ווייט. לויט ווי עס איז אויסגעמאָלן דער קעלער וואָס די בת־המלכה געפינט זיך אין אים אויף דער מאַפּע וועל איך אים קאָנען אַרומזוכן הונדערט און צוואַנציק יאָר און ערשט ביים סוף אים נישט געפינען. עס מוז זיין אַז דער אַלטער גלח האָט די מאַפּע גאָר אין די איילעניש אויסגעמאָלן, דאַדורך איז זי אַזוי נישט קלאָר געצייכנט. דעריבער — זאָגט ווייטער דער יהודי — מוז איך אַליין גלייך צופאָרן צום אַלטן גלח כדי ער זאָל מיר פּינקטלעך מסביר זיין ווו דער קעלער, וואָס די בת־המלכה איז אין אים געפינט זיך, און אַ חוץ דעם מוז איך האָבן אַ בריף פון מלך צו דעם לויתן, ווייל אָן דעם וועט ער זי בשום אופן נישט אַרויסלאָזן.

— מיך וועסטו נישט אויסנאַרן מיט דיינע גלאַטיקע רייד — ענטפערט אים דער משנה מיט אַ גערעגטער שטימע — איך האָב אַ באַפעל אַז ביז אַ שעה זאָלסטו אַריין געוואָרפן ווערן אין ים און דעם באַפעל וועל איך גענוי אויספירן.

דער יהודי דרייט זיך אויס צו זיינע מענטשן און שרייט אויס: איר זאָלט זאָגן דעם מלך דאָס אויב ער וועט זען אַז עס גייט אַריבער אַ לענגערע צייט און איך ברענג נישט די בת־המלכה איז דאָס נישט צוליב דעם וואָס איך פויל זיך חלילה אין זיין שליחות, נאָר ווייל דער משנה האָט מיך נישט געלאָזט אַ דורכשמועסן מיט דעם גרויסן אַגערנאַצי ער זאָל מיר פּינקט־לעך געבן צו פאַרשטיין ווו די בת־המלכה געפינט זיך, ווייל פון די מאַפּעס וואָס ער האָט מיר געשיקט איז אוממעגלעך צו וויסן אין וועלכן קעלער זי איז. איר זאָלט זאָגן דעם מלך אַז איך האָב זיך געבעטן ביי דעם משנה אַז ער זאָל רחמנות האָבן אויפן

לעבן פון דער בת־המלכה און אויפן לעבן פון דעם מלך און פון דער מלכה און אויף די אינטערעסן פון דער מדינה, און ער, צו־ליב זיין גליסטעניש מיך אַריינצוּוואַרפן אין ים, האָט אויף דעם אַלעמען נישט געקוקט נאָר ער האָט אַלעס מפקיר געווען.

— ווי דער משנה האָט דערהערט די ווערטער פון דעם יהודי איז ער געוואָרן פול מיט כעס, און האָט געשריגן: דו פאַלשער יהודי, עס איז דיר קאַלט צו שווימען אין די וואַסערן און דו שרעקסט דיך פון דער סכנות׳דיקער נסיעה, דעריבער ווילסטו קומען אין דער הויפּטשטאָט זאָלסט דיך אָפּבעטן ביים מלך ער זאָל דיך נישט שיקן.

— איך שווער — רופט אויס דער יהודי — אַז איך וועל נישט בעטן ביים מלך ער זאָל מיך נישט שיקן.

דער משנה וואָס איז דערציטערט געוואָרן פון דער עצה וואָס דער יהודי האָט זיך גלייך געגעבן זיך צו ראַטעווען פון זיינע הענט, האָט זיך דערפרייט צו דער שבועה פון דעם יהודי, און ער האָט אים געזאָגט, הער אויס! איך גלויב דיר אין דיין שבועה אַלץ אַ יהודי וואָס שווערט ביי דער זאַך וואָס איז ביי אים דאָס הייליקסטע, ווערסטו מיר אויך צו שווערן אַז דו וועסט נישט מאַכן קיין שום ערמה דיך צו ראַטעווען פון אַריינשפּרינגען אין ים? און דו שווערסט מיר אויך צו אַז דו וועסט איצט ווען דו וועסט זיין ביים מלך נישט רעדן שלעכטס אויף אונז?

— יאָ, איך שווער — האָט געענטפערט דער יהודי.

— אויב אַזוי — ענטפערט דער משנה — וועל איך זיך פאַרלאָזן אויף דיין גלויבן, און קום מיר וועלן אין דער איילע־ניש צוריקפאָרן, און איך וועל פוילן ביים גרויסן אגערנאַצי ער זאָל דיך גלייך אַריינלאָזן צו זיך אין הויז און ער זאָל דיר אַלעס געענוי מסביר זיין.

מיט אַ שנעלקייט זענען זיי טאַקע גלייך צוריקגעפאָרן. דער

יהודי האָט געזאָגט דעם משנה אַז ער האָט נאָך עטלעכע זאַכן דורכצושמועסן מיט זיינע מענטשן, דעריבער וועט ער מיט זיי דאָס רעדן צוריקפאָרנדיק. דעם משנה האָט דאָס אפילו נישט געשמעקט, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין ברירה, אַזוי איז דער יהודי געפאָרן פאָרויס מיט זיינע מענטשן, און ער האָט מיט זיי געמאַכט דעם פּלאַן וויאַזוי זיי זאָלן ווייטער פירן די רעגירונג אין דער צייט ווען ער וועט נישט זיין אין לאַנד. און דער משנה מיט זיין קאָמפּאַניע זענען נאָכגעפאָרן פון הינטן. אונטערוועגס ווען זיי זענען שוין געווען נישט ווייט פון דער הויפּטשטאָט, האָבן דעם יהודי׳ס מענטשן צעשיקט עטלעכע זעלנער אַז זיי זאָלן אויסרופן אין די אַרומיקע שטעטלעך פון דער הויפּטשטאָט, אַז דינסטיק מיטאָג וועט זיך דער יהודי געזעגענען פון אַלע איינוווינער ביי דעם פּאָרט פון דער הויפּטשטאָט, ווער עס וויל זאָל קומען צו דעם געזעגענען, דער יהודי אַליין וועט דאָרט האַלטן גאָר אַ וויכטיקע רעדע.

יז.

ווען די קאָמפּאַניעס זענען געקומען צו דער הויפּטשטאָט, האָבן זיי זיך צעטיילט, דער יהודי מיט דעם משנה זענען צוגעגאַנגען צו דעם הויז פון דעם אַלטן גלח. די מענטשן וואָס זענען געווען מיט דעם יהודי, האָבן זיך געזען צו טרעפן מיט די אַנדערע געטרייע מענטשן פון דעם יהודי וואָס זענען איבער דער גאַנצער צייט — וואָס דער יהודי מיט זיי זענען געפאָרן אין לאַנד — געבליבן אין דער הויפּטשטאָט, און האָבן פאַר זיי דערציילט וואָס עס גייט דאָ פאָר, און וואָס פאַראַ פּלאַן דער יהודי האָט מיט זיי אָפּגעשמוסט. די זעלנער וואָס זענען געווען מיט דעם יהודי האָבן זיך צעשפּרייט אין אַלע גאַסן פון

שטאָט, און אויסגערופן אַז דינסטאָג מיטאָג ווען די זון וועט זיין אין מיטן הימל, וועט זיך דער יהודי געזעגענען פון פאָלק. די איינוווינער וועלכע האָבן געוווּסט דאָס זייער גאַנצע מנוחה און הרחבה וואָס זיי פילן די לעצטע צייטן האָבן זיי צו פאַרדאַנקען צו דעם יינגן יהודי, האָבן ערהאַלטן די פלוצימדיקע ידיעה אַז דער יהודי וואָס איז געווען אַזוי געערט און געשעצט אין זייערע אויגן, וויל זיך געזעגענען פון זיי, מיט גרויס פחד און האַרץ־קלאַפעניש. זיי האָבן זיך געשראָקן אַז אויב דער פעאיקער יהו־די וועט איצט איבערלאָזן דאָס לאַנד וועט געוויס ווידער ווערן די שרעקלעכע סדרים אין לאַנד וואָס זענען פריער געווען.

ווען דער יהודי מיט דעם משנה זענען אַריין צו דעם אַלטן גלח האָט ער זיי גאָר שיין אויפגענומען, און נאָכדעם וואָס דער משנה האָט געזאָגט וועגן וואָס דער יהודי איז געקומען האָט אים אַגערנאַצי מיט איבערגעבנקייט און מיט אַן ערנסטקייט מסביר געווען פינקטלעך אין וועלכן קעלער די בת־המלכה געפינט זיך, און דער יהודי האָט טאַקע גלייך פאַרשטאַנען אַלע זיינע הסברים. דער משנה וואָס האָט צוגעקוקט ווי ערנסט דער אַלטער גלח איז דאָס מסביר און ווי גענוי דער יהודי פאַר־שטייט דאָס האָט זיך שוין באַלד געוואָלט אַליין איינרעדן אַז עס איז טאַקע אַ ריכטיקע זאַך די גאַנצע מעשה מיט די פאַלאַצן פון דעם לוויתן. נאָכדעם ווען דער יהודי האָט שוין אַלעס גענוי פאַרשטאַנען האָט אים נאָך אַמאָל געזאָגט דער אַלטער גלח, איך האָב וועגן מיין גרויס ליבשאַפט צום אמת דיך געראַטעוועט פון דעם בלבול וואָס מ׳האָט געהאַט אויף דיר אויסגעטראַכט, און איך שווער דיר צו אַז איך וועל זען אַז דעם מלך׳ס הבטחה זאָל אויסגעפירט ווערן, און גלייך ווי דו וועסט ברענגען די בת־המלכה וועסטו ווערן דעם מלך׳ס איידעם אָן דעם וואָס זאָלסט דאַרפן איבערלאָזן דיין יידישע אמונה. דער יהודי האָט אים

געדאַנקט און האָט זיך מיט אים געזעגנט און איז פון דאָרט גלייך געגאַנגען צום מלך.

ווען דער יהודי איז אַריין צום מלך האָט זיך דער מלך שטאַרק דערפרייט צו אים. ער איז אים געפאַלן אויף זיין האַלדז און ער האָט אים געקושט און געהאַלדזט. דער יהודי האָט דערציילט דעם מלך אַז ער האָט געמוזט קומען אַהער אין דער הויפטשטאָט ווייל ער האָט נישט פאַרשטאַנען פונקטלעך די מאַפּע, אָבער איצט איז ער שוין געווען ביי דעם אַלטן אגערנאצי און ער האָט אים אַלעס גענוי געגעבן צו פאַרשטיין, דעריבער ווייסט ער שוין אַלעס פּינקטלעך ווו זי געפינט זיך. ער האָט געזאָגט דעם מלך אַז ער דאַרף נישט זאָרגן וועגן לעבן פון דער בת־המלכה ווייל מער פון דריי טאָג לאָזט נישט דער לוויתן אַ מענטש הונגערן, דעריבער איז ער זיכער אַז גלייך ווי דער גלח איז אַוועק פון דער בת־המלכה האָט מען איר ווידער געגעבן צו עסן פון לוויתנ׳ס מעדני־מלכים. אַ גאַנצן טאָג איז דער יהודי געווען ביים מלך און ער האָט מיט אים געשמועסט אַלע ענינים פון דער מלוכה, דער מלך האָט דעם יהודי צוגעזאָגט אַז ביז ער קומט צוריק וועט ווייטער ווערן געפירט אַלע עניני המלוכה דורך דעם קאַבינעט וואָס דער יהודי האָט זיך אויסגעקליבן.

— וואָס וועט זיין ווען דער לוויתן וועט בעטן גאָר אַ גרויסן פּרייז פאַר דער בת־המלכה? האָט געגעבן אַ פרעג דער יהודי דעם מלך.

— וואָס ער וועט בעטן — האָט אים געענטפערט דער מלך — זאָלסטו אים אונטערשרייבן אין מיין נאָמען, און איך וועל אים גלייך אַלעס צאָלן, נאָר ווי האַלט איך דערביי אַז איך זאָל שוין זען מיין קינד און איך זאָל דאַרפן צאָלן פאַר איר.

— איך וויל דער מלך זאָל מיר מוחל זיין און געבן אַ בריף צו דעם לוויתן אַז איך האָב באַקומען דאָס רעכט פון מלך צו־

צוזאָגן וואָס איך פאַרשטיי אין מלך׳ס נאָמען, און וואָס איך וועל אונטערשרייבן צו געבן וועט דער מלך אַלעס צאָלן.

— מסכים — זאָגט דער מלך — און האָט גלייך מיט זיין האַנט אָפּגעשריבן דעם בריף וואָס דער יהודי האָט פאַרלאַנגט און אים גלייך געחתמעט און איבערגעגעבן אין דער האַנט פון דעם יהודי. דער מלך האָט געזאָגט צו דעם יהודי אַז ווען ער וועט וועלן פאָרן צום ים זאָל ער אַריינקומען צו אים, ווייל ער וויל אים באַגלייטן.

איצט איז דער יהודי אַוועק צו זיינע געטרייע מענטשן און ער האָט מיט זיי נאָכאַמאָל דורכגעשמוסט געגנוי דעם פּלאַן ווי־אַזוי ווייטער צו פירן דאָס לאַנד, ער האָט זיי דערציילט אַז דער מלך האָט אים צוגעזאָגט אַז ביז ער וועט צוריקקומען וועט ער לאָזן די פירונג פון לאַנד אין זייערע הענט. ווען דער יהודי האָט מיט זיי געענדיקט האָט ער זיך מיט זיי געזעגנט, זיי האָבן גאָר שטאַרק געוויינט. ווען דער יהודי האָט זיך מיט זיי געזעגנט איז שוין געווען גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט. דער יהודי איז אַריין אין זיין צימער און מיט גרויס כוונה געדאַוונט מעריב און גע־לייענט קריאת־שמע און דאַן איינגעשלאָפן אין אַ טיפן שלאָף.

גאַנץ פרי איז דער יהודי אויפגעשטאַנען און מיט גרויס הת־להבות אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים, דאַן האָט ער געדאַוונט און עפּעס טועם געווען. איצט זענען צו אים אַריין געקומען עטלע־כע פון זיינע געטרייע מענטשן און האָבן אים געבראַכט די קליידער וואָס ער האָט זיי געהייסן מאַכן וועגן אים. די מענטשן האָבן זיך פון אים געזעגנט און זענען אַרויס, ווידער איז גע־בליבן דער יהודי אַליין מיט זיינע געדאַנקען אין צימער. דער־ווייל איז שוין געוואָרן נאָענט צו מיטאָג, דער יהודי האָט זיך אָנגעטון די קליידער וואָס מ׳האָט אים דאָ פריער געבראַכט

און איז אַריין צום מלך, און צוזאַמען מיטן מלך אַריין אין קע־
ניגלעכן רייט־וואָגן און אַרויסגעפאָרן צום פּאָרט.

פון דער וויטנס האָבן זיי שוין געזען די טויזנטער פאַר־
זאַמלטע מענטשן וואָס האָבן געוואַרט ביים פּאָרט. די מענטשן
האָבן געברומט און געשריגן: מיר ווילן נישט לאָזן דעם יהודי
וואָס האָט געבראַכט די פרייהייט אין לאַנד אַוועקפאָרן. דאָס
לאַנד דאַרף אים נאָך האָבן. פּלוצים איז אַלע שטיל געוואָרן.
דער קעניגלעכער וואָגן איז אָנגעקומען, און איז צוגעפאָרן ביז
גאָר נאָענט צום וואַסער, דאָרט איז אַרויס דער מלך פון וואָגן
און נאָך אים עפּעס אַ מענטש וואָס זיין פּנים האָט מען נישט
געקאָנט זען ווייל ער האָט געהאַט אַראָפּגעצויגן אויף זיין פּנים
אַ הויכן פּאַנצער־הוט, דער מענטש איז געווען אָנגעקליידעט
מיט אַ דינע הערש לעדער פון קאָפּ ביז די פּוס, ווי דער מענטש
איז אַרויס פון רייט־וואָגן איז ער צוגעגאַנגען צום ים און איז
גלייך אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער און איז פאַרשוווּנדן גע־
וואָרן פון אַלעמענס אויגן. עס איז נישט אַריבער עטלעכע מי־
נוט האָט מען געזען ווי דער פּאַנצער־הוט הויבט זיך אונטער
פון מיטן ים און דער מענטש וואָס איז אָנגעקליידעט אין די
דינע הערש־שווימקליידער גיט מיט אַ געשיקטקייט אַ שפּרונג
אַרויף אויף דעם הויכן שטיין וואָס האָט דאָרט אַרויסגעשטעקט
פון מיטן ים. דאָ אויף דעם הויכן שטיין האָט זיך דער מענטש
אַראָפּגעבונדן די הערש־לעדער וואָס איז געווען איבער דעם
הויכן פּאַנצער־הוט אַרומגעבונדן אַרום זיין האַלדז, און האָט
מיט אַ שנעלקייט געגעבן אַ הייב אונטער דעם גרויסן בלעכע־
נעם פּאַנצער־הוט, און די טויזנטער מענטשן האָבן פּלוצים
געזען ווי פּאַר זיי שטייט דאָרט אויף דעם הויכן שטיין דער
יהודי, זיין פּנים האָט געפלאַמט און געבלישטשעט ווי בליצן.
ווי די פאַרזאַמלטע מענטשן האָבן אים דערזען האָט זיך פּלוצים

געהערט אַ געשריי פון די טויזנטער מיילער יחי! יחי! זאָל לעבן דער מלך און זאָל לעבן זיין קלוגער און געטרייער יועץ, יחי, יחי!

אַז די מיניסטאָרן האָבן געזען וואָס דאָ גייט פאָר, ווי צוהיצט דאָס פאָלק איז, האָבן זיי זיך שטאַרק געשראָקן, ווער ווייס וואָס דער יהודי וועט דאָ זאָגן, זיי האָבן גאַנץ גוט געוווּסט אַז נאָך דער פרייהייט וואָס דער יהודי האָט איינגעפירט אין לאַנד, וועלן זיך טרויען די באַפעלקערונג צו צערייסן לעבעדיקערהייט אַלע מיניסטאָרן אויב דער יהודי וועט זיי אויסזאָגן דעם סוד פאַר־וואָס ער מוז דערטרונגען ווערן. אָבער די מיניסטאָרן האָבן זיך שוין געהאַט פון פאָרויס באַוואָרנט.

גלייך האָבן אָנגעהויבן צו קלינגען אַלע גלעקער פון אַלע תיפלות, און עס איז געוואָרן אַ געטומל און אַ געפילדער, צענטליקער גלחים זענען געקומען צום פאָרט לויפנדיק, פון מויל צו אויער איז אַריבער אַ ידיעה דער גרויסער אגערנאַצי אַליין דאַרף באַלד אָנקומען. די מענטשן האָבן נישט געוואָלט גלויבן וואָס זייער אויער הערט, אַז דער גלח וואָס איז ביי זיי אַזוי פאַרהייליקט זאָל טאַקע אַליין קומען. אָבער זיי האָבן נישט געדאַרפט אַ סך מסופק זיין, ווייל אין אַ קורצע צייט איז דער אַלטער גלח געשטאַנען אויף אַ בימע וואָס מ'האָט אין דער איי־לעניש אויפגעשטעלט לעבן דעם מלך.

עס איז געוואָרן אַ שטילקייט צווישן גאַנצן עולם אַלעס האָט געקוקט מיט גרויס כבוד דעם אַלטן גלח אין די אויגן.

דער אַלטער גלח האָט אָנגעהויבן מיט אַ שטילן קול צו דערציילן דעם עולם די גאַנצע געשיכטע מיט דעם האַרצקלאַ־פעניש ביז ער איז צוגעקומען צו דער מעשה אַז ער אַליין האָט מיט זיינע אויגן געזען די בת־המלכה און זי האָט זיך געבעטן אַז דער יהודי זאָל זי קומען ראַטעווען. דער יהודי איז אַ לייב־

לעך איניקל פון דעם באַוווסטן נביא יונה וואָס האָט שוין מיט טויזנט יאָר צוריק געהאַט קאָנטשאַפט מיט דעם לוויתן וואָס האָט געשיקט אַ פיש ער זאָל אים ראַטעווען ווען מ׳האָט אים אַריינגעוואָרפן אין ים.

נעכטן — זאָגט ווייטער דער גלח — האָב איך אַ שעה פון מיין הייליקער צייט פאַרבראַכט צוזאַמען מיט דעם יהודי און איך האָב געזען זיין גרויסן פאַרשטאַנד און זיין טיפער אמונה אין דעם יידישן גלויבן אַז ער וועט דאָס גלויבן נישט פאַרטוישן מיט אַ צווייטן פאַר די גרעסטע גליקן וואָס זענען נאָר פאַראַן אויף דער וועלט. און אַזוי ווי איך האָבע באַשלאָסן מיטן מלך אַז ווען דער יהודי וועט צוריקקומען מיט דער בת־המלכה וועט זי אים געגעבן ווערן, און ער וועט ווערן דער חתן־המלך, און אַזוי ווי איך בין זיכער, אויב ער וועט דאַרפן פאַרלאָזן זיין אמונה וועט ער זי נישט נעמען, דעריבער רוף איך אויס אַלס גרעסטער און העכסטער גלח פון מיין גלויבן, אַז דער יהודי זאָל קענען חתונה האָבן מיט דער בת־המלכה אָן דעם וואָס ער זאָל דאַרפן פאַרלאָזן זיין גלויבן, און אפילו ער וועט ווייטער בלייבן אַ יהודי וועט ער אַלץ ווערן דער חתן־המלך.

ווי די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן האָבן געהערט די ווערטער פון זייער גרעסטן גלח, און דערצו מיט אַזאַ געטריי־שאַפט און צוגעלאָזנקייט צו דעם יהודי, איז נישט געווען איי־נער וואָס זאָל נישט אינגאַנצן גלויבן אין דער ריכטיקייט און וואָרהייט פון יעדן וואָרט וואָס דער אַלטער גלח האָט געזאָגט. אַלע האָבן געשריגן צו דעם יהודי, פאַר געזונד, און קום צוריק געשווינד, ווייל מיר דאַרפן דיך דאָ האָבן.

דער יהודי האָט אויך געזאָגט אַ פאָר ווערטער צו די טויזנ־טער פאַרזאַמלטע מענטשן. ער האָט זיי געזאָגט אַז דער מלך האָט אים מבטיח געווען אַז די רעגירונג וועט ווייטער פירן די

יינגע חברה וואָס האָבן די לעצטע צייט, זייט ער איז געקומען, געפירט. נאָכדעם האָט ער געזאָגט מיט אַ טרויריקער שטימע.

ליבע בירגער! עס טוט מיר שטאַרק וויי אַז איך דאַרף זיך איצט פון אייך געזעגענען ווען מיין אַרבעט וועגן אייער גוטעס און פרידן האַלט נאָך ביים אָנפאַנג, אָבער צוליב די קרוין־פרינצעסין מוזן מיר אַלע טאָן וואָס נאָר מעגלעך איז, איך האָף צו מיין גרויסן גאָט אַז ער וועט מיך צוריק ברענגען אַהער לשלום.

אין הונדערט פערציק טעג אַרום — אויף אין אַ דינסטאָג — אין אַזאַ צייט, וועל איך דאָ אויף דעם אָרט צוריק ערשיינען מיט דער בת־המלכה. איצט האָט ער געענדיקט און מיט דער האַנט געווינקען צום מלך. ווי איינער וואָס געזעגנט זיך.

אַלע מענטשן האָבן אים געקוקט מיט גרויס ליבשאַפט אין די אויגן. נאָכדעם האָט ער געווינקען מיט דער האַנט צו אַלעמען, יעדן האָט זיך אויסגעדאַכט אַז פאַר אים האָט ער עפּעס עקסטער געגריסט, מיט אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן האָט ער געגעבן אַ געשריי: זייט מיר אַלע געזונט, השי״ת זאָל העלפן אַז מיר זאָלן זיך נאָך זוכה זיין צו זען. ער גיט אַ צי אַראָפּ אויף זיין האַלדז דעם הויכן פאַנצער־הוט וואָס איז געווען גרויס ווי איין עמער און בונד אַרום אויף זיין האַלדז די פעל פון הערשן־לעדער וואָס איז געווען אַרויפגעצויגן איבערן עמער, ער ווינקט ווייטער מיט זיין האַנט צו די אַלע פאַרווונדערטע מענטשן און מיט אַ געשווינדקייט גיט ער אַ שפּרינג אַריין אין דעם שטורעמדיקן ים און ווערט גלייך פאַרשוווּנדן אונטער די טיפעניש פון די ווילדע וואַלן.

כאָטש דער אַלטער גלח האָט אַזוי זיכער מבטיח געווען אַז דער יהודי וועט געוויס צוריק ברענגען די בת־המלכה האָבן די לעצטע ווערטער פון דעם יהודי וואָס ער האָט געזאָגט אַז ער

האָפט אַז ער וועט זיך נאָך זוכה זיין צו זען מיט די איינוווינער, אַריינגעבראַכט אַ שטיקל ספק אין זייערע הערצער צי עס איז טאַקע אַזוי זיכער אַז ער וועט צוריק קומען ווי דער גלח האָט זיי געזאָגט, אויף די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשנ׳ס פּנימער האָט זיך אָן געזען אַ טיפע דאַגה וועגן דעם פרידן פון דעם יהודי, אַ חוץ אויף די פּנימער פון די מיניסטאָרן וואָס האָט געלייכט פון שמחה, די מענטשן האָבן געטראַכט אַז די מיניסטאָרן גלויבן גאָר שטאַרק אין דעם גלח׳ס הבטחה דעריבער זענען זיי גאָרנישט פאַרזאָרגט.

יח.

אונטער די מצולות־הים האָט זיך דער יהודי גענומען שווימען מיט אַ שנעלקייט און זיך דערווייטער פון דעם פּאָרט, צו דעם אָרט ווו די שיף פון די גזלנים איז געשטאַנען ווען מ׳האָט אים געבראַכט קיין אופיר. ער האָט געוווּסט אַז דאָרט געפינט זיך אַ געדיכט וואַלד וועט אים קיינער נישט זען ווען ער וועט אַרויס פון ים. צוליב דעם גרויסן פּאַנצער־הוט וואָס ער האָט געהאַט אויפן קאָפּ, האָט ער זיך געקאָנט פאַרזוימען אונטערן וואַסער גאַנץ אַ לאַנגע צייט, ווייל ער האָט געקאָנט דאָרט אָטעמען פון דער לופט וואָס איז געווען אין דעם הוט, און די הערש־לעדער וואָס ער האָט געהאַט אַרויפגעצויגן אויף דעם פּאַנצער־הוט און איז געווען פעסט אַרומגעבונדן אַרום זיין האַלדז האָט נישט צוגעלאָזט דאָס וואַסער זאָל אַריין אין דעם הוט. אַזוי אַרום האָט ער געקאָנט גאַנץ לאַנג שווימען אונטער די וואַסערן.

ווען ער איז שוין געווען שטאַרק אָפּגעמאַטערט, און נאָך זיין חשבון נאָך האָט ער זיך שוין געפונען נעבן דעם וואַלד וואָס איז נאָענט צום ים, איז ער צוגעשווומען צום ברעג, און גאַנץ

שטייט האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון וואַסער. ער האָט זיך אַזוי שטיל און רואיק אַרויסגערוקט פון וואַסער אַז אויב עס איז אַריבער אַ מענטש אַ ביסל ווייטער פון דעם אָרט וואָלט ער אים נישט באַמערקט. ווען זיין קאָפּ איז שוין געלעגן אויף די זאַמדן פון דעם ברעג ים, האָט ער אָפּגעבונדן די הערש־לעדער פון אַרום זיין האַלדז, און האָט אַראָפּגענומען דעם פּאַנצער־הוט פון זיין פּנים, און האָט זיך אומגעקוקט מיט גרויס פּחד. ער האָט געוואָלט זען צי עמיצער האָט אים נישט באַמערקט. ווי ער הויבט נאָר אויף דעם קאָפּ זעט ער אַז ער געפינט זיך לעבן דעם געדעכטן וואַלד וואָס איז געווען גאָר נאָענט צום ים. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט צו דעם וואַלד און גייט גלייך אַריין דערין. דאָרט נעמט ער אַראָפּ זיין בלעכן קעסטל וואָס ער האָט געהאַט אַרויפגעבונדן אויף זיין רוקן איידער ער איז אַריינגע־שפּרונגען אין ים. אין דעם קעסטל האָט ער געהאַט זיינע חשובע תפילין און עטלעכע וויכטיקע ספרים, אַ זעקל מיט טייערע פּערל שטיינער, און פּשוטע מלבושים. ער טוט זיך אויס די לעדערנע קליידער אין וועלכע ער איז געווען אָנגעטון ווען ער איז אַריין געשפּרונגען אין ים, און טוט זיך אָן די פּשוטע קליידער.

די נאַכט האָט ער גענעכטיקט אויף אַ בוים אין וואַלד, און אינדערפרי האָט ער זיך גענומען גיין. עטלעכע טעג איז דער יהודי געגאַנגען צופוס אין דעם וואַלד, אַ גאַנצע צייט איז ער געגאַנגען ביים ברעג ים און זיך דערווייטערט פון דער הויפּט־שטאָט, ער האָט אַלץ געהאָפט, אולי ירחם, אפשר וועט ער זען עפּעס אַ שיף אויפן ים וואָס פאָרט אַוועק פון לאַנד וועט ער מיט איר מיטפאָרן. ער האָט געטראַכט וויאַזוי איך זאָל טרעפן אַ שיף וועל איך פאָרן. ווייל קודם מוז איך זיך זען אַרויס פון אופיר. אָבער איבער דער גאַנצער צייט האָט ער נישט געזען קיין שום לעבעדיקן צייכן, אַ חוץ די שרעקלעכע חיות וואָס זיי־

ערע מורא׳דיקע קולות האָט ער געהערט יעדע נאַכט ווען ער פלעגט צו זיצן אויף די שפּיץ פון די הויכעביימער. ווען דער יהודי האָט געזען אַז עס איז שוין אַריבער אַ וואָך צייט און עס באַווייזט זיך נישט קיין שום שיף, האָט אים אָנגעהויבן ביטער צו ווערן אויפן האַרץ, ער האָט זיך אַ ביסל איבערטראַכט וואָס עס איז אַריבער אויף אים נאָר די לעצטע פּאָר חדשים, דאָ איז ער נאָך געזעסן אין לודקיאַ און אַזוי געשמאַק געלערנט, און דאָ איז ער פלוצים פאַרכאַפּט געוואָרן צו די ים־גזלנים און געוועז יעדן טאָג אויסגעזעצט אַז מען קומט שוין צו צו די מענטשן־פרעסער, און ער וועט אַרויפגעצויגן ווערן אויף דער בראָט־שפּיז, און נאָכדעם האָט אים השי״ת געהאָלפן אַז נישט נאָר ער אַליין איז געראַטעוועט געוואָרן, נאָר ער האָט גאָר גע־האָט די זכיה אַז צוליב אים זענען אַלע מענטשן פון דעם שיף געראַטעוועט געוואָרן, צווישן זיי פיל יהודים. דאַן איז ער מיט השי״ת׳ס הילף געוואָרן אַ מקורב למלכות, און די גאַנצע מלוכה איז איבערגעגעבן געוואָרן אין זיינע הענט, און איצט — האָט ער זיך געטראַכט און דערביי גאָר פאַרקלעמט געוואָרן — אוי! אין איצט, איצט געפין איך זיך ווידער אין גאָר אַ גרויסער סכנה, ווייל אויב מ׳וועט מיך כאַפּן, וועט געוויס קומען דער אַלטער גלח וואָס דער נאַרישער מלך איז אין אים אַזוי פאַר־גלייבט, און וועט זאָגן, אַז אַזוי ווי איך בין נישט געקומען נעמען די בת־המלכה איז זי געשטאָרבן דאָרט ביים לוויתן אין קעלער, און דער אומגליקלעכער מלך, וועט זיך געוויס לאָזן איינרעדן און וועט מיך פאַרברענען. און אפילו מ׳וועט מיך נישט כאַפּן בין איך אַלץ נענטער צום טויט ווי צום לעבן, ווייל אָדער די וויל־דע חיות וואָס געפינען זיך דאָ אין די טויזנטער וועלן זיך מיט מיינע ביינער שפּילן זייער הונגען, אָדער איך וועל אַליין אויס־גיין פון הונגער.

עטלעכע טעג איז דער יהודי אַזוי אַרומגעגאַנגען עלנד און אַליין, און זיין האַרץ איז געווען פול מיט צער. פון גרויס ווייטאָג האָט ער דעם דריטן טאָג אַרויסגענומען פון זיין קעסטל דאָס תהילימ׳ל פון פאַרמעט, און מיט זיין ביטער האַרץ אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים מיט גרויס התעוררות און התלהבות. ווי ער האָט געענדיקט צו זאָגן תהילים מיט אַזאַ ברען האָט ער גענעגבן אַ זאָג ווי צו זיך אַליין, וואָס איז דאָס מיט דיר געשען? ביסטו אַ יהודי וואָס האָט אַ גאָט אין האַרצן? דיר דאַכט זיך אַלץ אויס אַז דו ביזט אַ גרויסער מאמין, אָבער נישט דעמאָלט ווייזט זיך אַרויס די אמונה און דער ביטחון ווען עס פירט זיך אַזוי ווי דער מענטש וויל, ווען ער האָט דעם כל טוב פון דער וועלט! נאָר ווען צייגט זיך אַרויס דער אמת׳ער ביטחון? אין אַזאַ צייט, ווען דער מענטש געפינט זיך אין דעם ביטערסטן מצב אין דער גרעסטער סכנה, און עס דאַכט זיך אויס אַז ער האָט נישט קיין רעטונג, ער איז געווים אַ פאַרלוירענער, דעמאָלט קאָן מען פילן צי מ׳פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויף השי״ת צי נישט. ווי דער יהודי האָט זיך אַליין אַזוי אויסגעמוסערט, איז ער געוואָרן גאָר לוסטיק און האָט אָנגעהויבן צו טאַנצן ערגעגץ דאָרט אין דעם וויטן געדיכטן וואַלד, ווו ער איז געווען אַזוי עלנד און אַליין, מיט גרויס שמחה און מיט אַ מתיקות׳דיק קול האָט ער געזונגען דעם פסוק „ישמח ישראל בעושיו“, און דאַן האָט ער געמאַכט אַ פריילעך ריקוד׳ל און האָט געזונגען טאַקע, ווייל איך בין אַ ייד, האָב איך אַ פריילעך געמיט...

אין דעם זעלבן טאָג, ווען עס האָט אָנגעהויבן צו טונקלען, און דער יהודי איז זיך, ווי זיין געוווינהייט פלעגט צו זיין, אַרויפגעגאַנגען אויף אַ הויכן בוים, האָט ער באַמערקט פון דעם בוים ווי גאָר פון די וויטן ברענט עפּעס אַ פייערל ביים ברעג

ים, און אַרום דעם פייער געפינען זיך פיל מענטשן. אַז דער יהודי האָט דערזען מענטשן פאַר זיינע אויגן איז ער אַזוי פול געוואָרן מיט פרייד אַז עס איז אים איינגאַנצן אַרויס פון זיינע געדאַנקען אַז מענטשן קאָנען נאָך זיין גרעסערע מזיקים פון די חיות, און אַז דאָס קאָן גאָר זיין גזלנים. מיט אַ גרויסער פרייד איז ער אַראָפּגעלאָפן פונעם בוים און מיט זיינע לעצטע כוחות זיך גענומען לויפן צו דעם אָרט ווי עס האָט געברענט דאָס פייער. ווי ער קומט אָן נישט ווייט פון דעם אָרט, הערט ער אַ געשריי בלייב שטיין! און הויב אויף די הענט, ווען נישט ווערסטו גלייך אַראָפּגעשאָסן פון אַ פייל! דער יהודי איז גלייך שטיין געבליבן און געהויבן די הענט אין דער לופטן. גלייך זענען צוגעקומען צו אים עטלעכע פון די חברה וואָס זענען געשטאַנען אַרום דעם פייער. ערשט איצט האָט זיך דער יהודי ווי דערוועקט פון אַ שלאָף און זיך געוווּנדערט אויף זיך אַליין דאָס ער איז גראַד אַריין געלאָפן אין די הענט פון די גזלנים. ער האָט זיך געטראַכט, האָב איך דען אַליין נישט געקאָנט פאַרשטיין אַז דאָ אין מיטן וואַלד שטעלן זיך נישט אָפּ נאָר גזלנים. דערווייל האָבן אים די חברה אָנגעכאַפּט ביי די צוויי הענט און אים צוגעפירט צו זייער הויפּט.

— ווי קומסטו דאָ אַהער אויף אַזאַ פאַרוואָרפן אָרט אין וואַלד — גיט אים אַ פרעג דער הויפּט מיט אַ בייזער שטימע.

— איך בין דאָ פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן — ענטפערט דער יהודי — און איך ווייס נישט וויאַזוי אַרויסצוקריכן פון דאַנען.

— ניין — זאָגט אים צוריק דער הויפּט — דו ביזט גאָרנישט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אַהער, דו ביזט אַ גזלן וואָס דרייט זיך אַרום אין וואַלד, און דו ביזט אַהער געלאָפן ווייל דו האָסט געטראַכט אַז עס געפונען זיך דאָ נאָר עלטערע מענטשן האָסטו זיי געוואָלט באַגזלנען, און איצט אַז דו האָסט געזען אַז מיר

זענען אַזאַ גרויסע קאָנפּאַניע סוחרים ווילסטו דיך אַרויסראַטע־
ווען מיט שקרים פון אונזערע הענט, אָבער דו האָסט אַ טעות.
פון מיינע הענט וועסטו דיך נישט ראַטעווען.

דער הויפּט האָט געגעבן אַ באַפעל אַז מ׳זאָל דעם יהודי
אַרויפפירן אויפן שיף און דאָרט אים פאַרשליסן אין אַ צימערל
— איך וועל אים שוין אויספאָרשן אויפן שיף — האָט ער גע־
זאָגט צו זיינע מענטשן — איצט וויל איך נישט אַז מיר זאָלן
זיך שטערן אונזער שמחה. ווען מ׳האָט דעם יהודי אַרויפגעפירט
אויפן שיף איז דער הויפּט צוריק צו דעם פייערל ווו עס זענען
געזעסן די פילע מענטשן פון דעם שיף.

דעם צווייטן טאָג איז די שיף ווייטער געפאָרן. ווען די שיף
איז שוין געווען אין מיטן ים האָט דער הויפּט געגעבן אַ באַפעל
אַז מ׳זאָל פאַר אים ברענגען דעם פאַרשלאָסענעם גזלן, און ער
האָט זיך ווידער גענומען אים פאָרשן. נאָך עטלעכע טעג פאָרשן
האָט ער זיך איבערצייגט אַז דער יהודי איז נישט קיין גזלן נאָר
אַ פשוטער מענטש וואָס האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד,
האָט ער אים באַפרייט. אַז דער יהודי האָט געקאָנט פריי אַרומ־
גיין אויפן שיף, האָט ער זיך באַקאַנט געמאַכט מיט עטלעכע
מענטשן, זיי האָבן אים דערציילט אַז דאָס איז אַ גרויסע סוח־
רישע שיף וואָס פאָרט קיין מצרים. דער יהודי האָט זיך שטאַרק
געפרייט אַז ער זעט זיך שוין אַרויס פון לאַנד אופיר. פאָרנדיק
אויפן שיף האָט ביי זיך דער יהודי געמאַכט דעם פּלאַן פון זיין
נסיעה ווייטער, נאָכדעם וואָס ער וועט אָנקומען קיין מצרים.
ער האָט ביי זיך באַשלאָסן אַז ביי דער דאָזיקער נסיעה זאָל ער
נאָך באַזוכן דעם הייליקן רבי יצחק דמן עכו און לערנען ביי
אים כאָטש עטלעכע וואָכן די פאַרבאָרגענע סודות פון דער
הייליקער תורה. ער האָט ביי זיך געטראַכט אַז אויב ער וועט

גלייך געפינען אין מצרים אַ שיף וואָס פאָרט קיין עכו, וועט ער פאָרן קיין עכו נאָך איידער ער וועט פאָרן קיין לודקיאַ נעמען די בת־המלכה. און אויב ער וועט פריער געפינען אַ שיף וואָס פאָרט קיין לודקיאַ וועט ער קודם פאָרן נעמען די בת־המלכה, דעם אופיר׳ער מלך׳ס טאָכטער וואָס געפינט זיך ביי דעם רב אין שטוב, און ער וועט פאָרן קיין עכו, און אין עטלעכע וואָכן שפּעטער וועט ער מיט איר צוריקפאָרן קיין אופיר. פיל צייט צו זיין אין עכו האָט ער נישט געהאַט, ווייל אויף דעם באַש־טימטן דינסטאָג וואָס ער האָט צוגעזאָגט צו די מענטשן פון אופיר אַז ער וועט קומען, האָט ער דאָך געמוזט דאָרט זיין, ווייל די איינוווינער פון לאַנד וועלן דאָך אים געוויס אָפּוואַרטן.

יט.

עטלעכע וואָכן נאָכדעם וואָס דער יהודי איז אַריין געשפּרונ־גען אין ים, און אין מדינת־אופיר האָט זיך גאָרנישט געהערט פון אים, האָבן די מיניסטאָרן אַרויסגעגעבן אַ קלאַנג אַז דער יהודי איז דערטרונקען געוואָרן. זיי האָבן דאָס געטוען ווייל זיי האָבן געוואָלט גיין צום מלך אים בעטן דאָס ער זאָל צוריק איבערגעבן די רעגירונג אין זייערע הענט. און אַזוי ווי זיי האָבן געוווּסט אַז ביז דער מלך וועט האָפן אַז דער יהודי וועט נאָך צוריק קומען וועט ער בשום אופן נישט אַוועק נעמען די רעגירונג פון דעם קאַבינעט וואָס דער יהודי האָט אויסגעקליבן, דעריבער האָבן זיי אַרויסגעגעבן דעם קלאַנג, כדי דער מלך זאָל וויסן אַז דער יהודי וועט שוין מער נישט צוריק קומען. עס זענען שוין אפילו געפען עטלעכע גויים וואָס האָבן געוואָלט עדות זאָגן אַז זיי האָבן מיט זייערע הענט באַגראָבן ערגעץ לעבן ים אַ דערטרונקענעם קערפּער וואָס איז געווען געקליי־דעט מיט קליידער פון אַ הערש־לעדער און אויף זיין קאָפּ האָט

ער געהאַט אַ גרויסן פאַנצער־הוט. נאָר אָבער ווי די שמועה איז צו געקומען צום מלך׳ס אויערן, האָט ער זיך דאָס שטאַרק צום האַרץ גענומען, און מיט גרויס כעס האָט ער געזאָגט, איך שווער דאָס אויב איך וועל זיך איבערצייגן אַז עס איז טאַקע ריכטיק דאָס דער יהודי איז דערטרונקען געוואָרן וועל איך גאָר אַ גרויסע נקמה נעמען פון די אַלע וואָס האָבן מיך צוגערעדט צו שיקן דעם יהודי צום לוויתן, און איך בין זיכער אַז די וואָס האָבן איצט געבראַכט דאָס אומגליק אויף דעם יהודי, האָבן אַ גרויס חלק אין דעם פריערדיקן בלבול קעגן דעם יהודי, און איך וועל זיך אויך וועגן דעם ביטער נוקם זיין, אַזוי ווי איך האָב זיי געוואָרנט דעמאָלט.

— איך שווער דערויף! — האָט ווידער געזאָגט דער מלך מיט אַ וויינענדיק קול — ווייל מיין האַרץ רייסט מיך דאָס עס דרייען זיך אַרום מיר אַזעלכע פאַלשע מענטשן וואָס נישט גע־נוג זיי זעען דאָס גרויסע אומגליק וואָס האָט מיך באַטראָפן מיט דעם וואָס איך בין געבליבן אָן מיין איינציק קינד, האָבן זיי נישט גערוט ביז זיי האָבן פון מיר אַוועקגענומען מיין בעסטן פריינט וואָס ער האָט מיך שטענדיק באַרואיקט, און איך האָב אין אים געפילט אַ שטיקל טרייסט אין מיין שרעקלעכן פיין.

ווי די מיניסטאָרן האָבן זיך דערוווּסט פון די ווערטער פון מלך, זענען גלייך פאַרשוווּנדן געוואָרן די עדות, וואָס האָבן גע־וואָלט עדות זאָגן דאָס זיי האָבן באַגראָבן דעם יהודי, און די מיניסטאָרן אַליין האָבן גענזען אָפּצושטילן די שמועות פון דעם יהודי׳ס דערטרונקען ווערן. מיט דער צייט האָט מען טאַקע אויפגעהערט צו רעדן דערפון, אָבער אין די הערצער פון אַלע מענטשן איז געבליבן אַ גרויסער ספק צי דער יהודי וועט נאָך אַמאָל צוריקקומען, אפילו דער מלך אַליין האָט איצט שוין פיל

שטאַרקער געוואַרט אויף דעם טאָג וואָס דער יהודי האָט באַש־
טימט אַז ער וועט אין אים צוריק קומען ווי ביז איצט.

עטלעכע וואָכן איז די סוחרישע שיף וואָס דער יהודי האָט
זיך געפונען אין איר געפאָרן צווישן הימל און וואַסער, פיל
מאָל זענען געווען גאָר שטאַרקע ווינטן איבערן ים, אַז די שיף
האָט זיך שיעור איבערגעדרייט, אָבער נאָך פיל נסים, אַזוי ווי
עס געשעט פאַר אַלע וואָס פאָרן איבער די ימים, איז די שיף
אָנגעקומען לשלום קיין מצרים.

ווען דער יהודי איז אַראָפּ ביים פּאָרט אין מצרים און ער האָט
געזוכט אַ שיף קיין עכו האָט מען אים געזאָגט אַז פון דעם דאָ־
זיקן פּאָרט וואָס ליגט ביי דעם ים־סוף פאָרן נישט קיין שיפן
נאָך עכו אָדער קיין לודקיאַ. ווייל נאָר פון דעם גרויסן פּאָרט
וואָס געפינט זיך אין אלכסנדריה פאָרן די שיפן אויפן ים־הגדול.
דער יהודי האָט זיך גענומען גלייך זוכן עפּעס אַ מענטש וואָס
זאָל אים צופירן ביז אלכסנדריה. דעם יהודי האָט שטאַרק גע־
אַרט דאָס ער מוז אין מצרים פאַרברענגען אַזאַ לאַנגע צייט.
דעריבער האָט ער געוואָלט גלייך פאָרן אויף אלכסנדריה,
אָבער ער האָט נישט געפונען קיין שום מענטש וואָס האָט אים
געוואָלט פירן, ווייל דאָס איז פונקט געווען פאַר די גרויסע
מצרי'שע געצנדינערישע חגאות, האָבן זיי זיך נישט געוואָלט
אַרויסלאָזן פאַר זייער חאָגע, אויף אַזאַ ווייטע נסיעה ווי ביז
אלכסנדריה וואָס געפינט זיך פון דאָרט אין יענעם עק מצרים,
און די נוצרים ווידער האָבן זיך נישט געוואָלט איינשטעלן דאָס
לעבן, ווייל ביי די געצנדינערישע חגאות, ווען די מצריים
שיכורן זיך אָן, איז פשוט געווען סכנות־נפשות פאַר אַ נוצרי
זיך אַרויסלאָזן אין דער פרעמד. דעריבער זענען זיי נישט
אַרויסגעפאָרן אין די טעג. נאָר אָבער נאָכדעם וואָס דער יהודי
האָט צוגעזאָגט גאָר אַ גרויסע צאָל געלט, האָט ער יאָ געפונען

אַ געזונטן נוצרי וואָס האָט אים געוואָלט אָפּפירן קיין אלכּ־סנדריה. ער האָט געזאָגט איך שרעק זיך נישט פאַר צען געצנ־דינער׳ס.

אַז דער יהודי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אים, און מ׳האָט אים געזאָגט אַז ער איז אַן אָרנטלעכער מענטש, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין זיין רייט־וואָגן, און איז מיט אים געפאָרן. די נסיעה האָט געדויערט גאַנץ אַ לאַנגע צייט. אין מיטן זייער נסיעה האָט זיך אָנגערוקט די חאָגע. ביי דעם ערשטן שטעטל וואָס זיי זענען אַדורכגעפאָרן נאָכדעם וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן זייער חאָגע האָבן זיי שוין געזען זייער ערשטע סימנים. די גאַסן זענען געווען פול מיט שיכורע מצריים. אין אַלע שטעטלעך וואָס זיי זענען אַדורכגעפאָרן האָבן די שיכורע געצנדינער נאָכגעשריגן דעם געזונטן בעל־עגלה וואָס האָט געטריבן דעם רייט־וואָגן פאַרשידענע זידל־ווערטער מיט קללות. איין זאַך האָט מען אים אין אַלע שטעט געשריגן. — צוליב אייך נאַרישע נוצרים וועט ווידער זיין דאָס יאָר אַ הונגער, דער הונגער וואָס האָט געדויערט פיר יאָר נאָכאַנאַנד האָט די נוצרים נאָך נישט אָנגעלערנט אַז זיי זאָלן צוריק קומען צום דעם געצנדינעריי. דער בעל־עגלה האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף די אַלע געשרייען, זעט אויס ער איז שוין געווען געוווינט, אַז די געצנדינער׳ס, וואָס זענען געווען דער גרעסערער טייל איינוווינער אין מצרים, זאָלן זיך רייצן מיט די נוצרים, וואָס האָבן נאָר געציילט אַ דריט חלק פון די איינוווינער. ער איז זיך ווייטער געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט ביז ער איז אָנגעקומען קיין אלכסנדריה.

ווען דער רייט־וואָגן איז שוין געווען אין אלכסנדריה, און זיי זענען שוין געווען אויפן וועג צום פאָרט, האָט זיך צוגעטשעפּעט צו זיי אַ שיכורער מצרי מיט אַ דיקן שטעקן. ער האָט געגעבן

אַ שפּרינג אַרויף אויף דעם רייטוואָגן. קודם האָט ער געוואָלט דערלאַנגען מיט דעם שטעקן דעם נוצרישן בעל־עגלה, אָבער ווי ער האָט דערזען דעם יהודי זיצן אין וואָגן, האָט ער געגעבן אַ געשריי, יאָ! דאָס איז דער רייכער בעל־בית פון דעם בעל־עגלה, דו ביסט געוויס גאָר גרויס ביי די נוצרים דעריבער איז דיר אַ גרעסערע מצווה צו געבן. דערביי האָט ער אים מכבד געווען מיט אַ היפּשע פּאָר קלעפּ, נאָכדעם האָט ער געגעבן אַ שטעל אָפּ דעם רייט־וואָגן און ער האָט אויך דערלאַנגט דעם בעל־עגלה עטלעכע און איז אַראָפּ פון וואָגן, און ער האָט זיך גענומען אַנטלויפן.

— טאָקע איך קאָן אים נישט באַצאָלן — האָט געגעבן אַ זאָג דער יהודי צו זיין בעל־עגלה — אָבער זאָלן אים כאָטש אַנדערע באַצאָלן. דריי שוין צוריק דעם רייט־וואָגן און פאָר אים נאָך. דער נוצרי האָט אפילו זיך געשראָקן אים נאָכצופאָרן, נאָר אַז דער יהודי האָט אים געהייסן האָט ער אויסגעדרייט דעם וואָגן און איז צוריק געפאָרן, ביז עטלעכע מינוט האָבן זיי אים דעריאָגט. ווי דער יהודי האָט דערזען דעם שיכורן מצרי — וואָס האָט זיך שטאַרק דערשראָקן ווען ער האָט געזען אַז מ׳האָט אים נאָכגעיאָגט — האָט ער געגעבן אַ וואַרף צו אים עטלעכע רענדלעך און אים געזאָגט מיט גרויס הכנעה, מיין הער, אָט דאָס איז מיין גאַנץ פאַרמעגן וואָס איך פאַרמאָג, און אויב איך וועל נאָך היינט עפּעס פאַרדינען וועל איך דאָס דיר גלייך אַ וועק געבן.

דער מצרי קוקט אים אָן מיט אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן, און פרעגט אים וואָס איז דאָס? נישט גענוג וואָס איך האָב דיך אַזוי געשלאָגן, גיבסט דו נאָך מיר דערפאַר רענדלעך?

— ביי אונז — ענטפערט דער יהודי — איז פאַראַן אַ טאָג איינמאָל אין פערציק יאָר דאָס ווער עס שלאָגט צוזאַמען

דעם צווייטן מוז דער צווייטער אים אַוועקגעבן זיין גאַנץ פאַרמעגן וואָס ער פאַרמאָגט, היינט איז דער דאָזיקער טאָג, און אַזוי ווי דו האָסט מיך מכבד געווען מיט דיין דיקן שטעקן בין איך דיר מחוייב אַוועקצוגעבן מיין גאַנץ פאַרמעגן.

דער שיכּורער מצרי נעמט די רענדלעך און גייט אַהיים מיט גרויס פרייד און ווייזט זיין ווייב דעם גאַנצן הויפן רענדלעך וואָס ער האָט היינט פאַרדינט, דערביי דערציילט ער איר די גאַנצע מעשה. — אָבער מער ווערסטו שוין נישט זאָגן אַז איך פאַרדין נישט געלט — לאָזט אויס דער מצרי זיינע ווערטער מיט גרויס פרייד צו זיין ווייב.

— שלימזל בלייבט שלימזל — ענטפערט זי אים צוריק מיט גרויס כעס, און זאָגט ווייטער — אַז עס האָט דיר שוין איינמאָל אין לעבן פּאַסירט צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן האָסטו פּונקט אָנגעטראָפן אַ דלפון וואָס זיין גאַנץ פאַרמעגן האָט געציילט ניין און דרייסיק רענדלעך. ווערסטו זען — זאָגט זי ווייטער — אונ־זער שכן חאַסאַן וואָס ער האָט שטענדיק מזל, וועט איצט אויך האָבן שכל, אים וועט זיך שוין היינט מאַכן עפּעס אַן עסק מיט דעם רייכן נוצרישן גלח, און ער וועט זיך מיט אים צעשלאָגן, וועט ער אָפּנעמען נישט ניין און דרייסיק רענדלעך, נאָר אַ פּאָר הונדערט טויזנט רענדלעך, דו ווייסט עפּעס וואָס דער גלח פאַרמאָגט ? ער איז דאָך אָנגעשטאָפּט מיט געלט.

ווי דער מצרי האָט דערהערט די ווערטער פון זיין ווייב זאָגט ער צו איר : איך בין נאָך צו יעדער צייט אַזאַ חכם און אַזאַ גבור ווי חאַסאַן, ווערסטו זען ווער עס וועט צו קומען צום גלח׳ס רייכטום, איך צי ער. דער מצרי נעמט זיין שטעקן אין די הענט און גייט גלייך צו דעם גרויסן הויז וווּ דער גלח האָט געוווינט. ער זעצט זיך אַראָפּ לעבן טויער און וואַרט מיט אומגעדולד אויף דער רגע ווען דער גלח וועט שוין אַרויסקומען. אָבער אַזוי

ווי די טעג זענען דאָך געווען די חגאות פון די געצנדינער, האָט זיך דער נוצרישער גלח געהיטן און נישט געגאַנגען אין די גאַסן, ער האָט געוווּסט אַז די שיכורע צערייצטע געצנדי־נער וואָס זענען געווען דאָס גרעסערע טייל איינוווינער אין שטאָט וועלן אים נאָכשרייען אין די גאַסן.

עטלעכע שעה האָט דער שיכורער מצרי געוואַרט ביים טויער פון דעם גלח מיט דעם שטעקן אין די הענט. ביי יעדן בלעטל וואָס האָט זיך געשאָקלט פון אַ בוים אין הויף ביים גלח, האָט ער אַלץ געגעבן אַ שפרונג אונטער און געהויבן דעם שטעקן אין דער לופט, אָט אָט — האָט ער געטראַכט, איצט קומט ער.

אַז די זון האָט שוין אָנגעהויבן אונטערצוגיין, האָט זיך גענו־מען קלאַפּן דאָס האַרץ פון דעם מצרי, ער האָט געזען ווי דער טאָג גייט אַריבער און ער בלייבט אָן דעם גרויסן פאַרמעגן. פלוצים איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק פאַר דעם מצרי, אוי! געוויס וועט היינט נישט אַרויס דער גלח פון זיין שטוב ווייל ער וויל נישט איינשטעלן זיין גאַנץ פאַרמעגן, ער ווייס דאָך אַז ווער עס וועט אים צוזאַמען האַקן וועט ער אים מוזן אַוועק געבן זיין פאַרמעגן, דעריבער וויל ער נישט אַרויס פון שטוב. ווי עס איז אים נאָר דאָס אויף זיינע געדאַנקען געקומען איז אים נאָך אַ גרעסער פחד אַריין אין האַרץ, אַז ער בלייבט אָן דעם פאַרמעגן, דערווייל האָט ער געהערט עפּעס אַ קול פון דעם גלח׳ס הויף, האָט זיך אויסגעדאַכט דעם שיכורן מצרי אַז דאָס איז גאָר חאַסאַנ׳ס קול, יאַ! האָט ער זיך געגעבן אַ כאַפּ ביים קאָפּ, גע־וויס האָט זיך חאַסאַן שוין אַריינגעכאַפּט צו דעם גלח און ער וויל איצט גיין אַרויסכאַפּן פון מיר דאָס פאַרמעגן, דער פוילער חאַסאַן — טראַכט ער זיך — איז ערשטט איצט אָנגעקומען און עס הערט זיך שוין זיין קול פון אינעווייניק, און איך שטיי שוין דאָ אַ גאַנצן טאָג, און בלייב אָן גאָרנישט. ווי ער שטייט אַזוי מיט

די געדאַנקען איז ער פלוצים אַנגעצינדן געוואָרן ווי אַ פייער און מיט איין געשווינדיקייט איז ער אַריין געלאָפן צו דעם גלח אין הויז. דער גלח איז זיך געזעסן אין זיין לופטיקן גאָרטן און האָט געשלאָפן אין אַ לייכטן שלאָף. דער מצרי איז צו אים צוגעלאָפן ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן און גלייך מיט זיין גראָבן שטעקן זיך גענומען צו דער אַרבעט מקיים זיין אחת ואחת.

דער יהודי וואָס האָט געכאַפּט פון דעם מצרי מיטן דיקן שטעקן, איז זיך ווייטער געפאָרן מיטן וואָגן צום פּאָרט, דאָרט האָט ער באַצאָלט דעם בעל־עגלה זיין לוין און ער האָט זיך גענומען זוכן אַ שיף וואָס פאָרט קיין עכו אָדער לודקיאַ. עטלעכע טעג האָט ער זיך אַרומגעדרייט ביים פּאָרט ביז ער האָט געפונען אַ שיף. די שיף איז געפאָרן קיין לודקיאַ, מילא זאָל זיין קודם לודקיאַ — האָט זיך דער יהודי געטראַכט — אַבי פּטור צו ווערן פון די פינצטערע שיכורע מצריים. דעם אַנדערן טאָג איז די שיף אַוועק געפאָרן, צווישן די מענטשן אויף דעם שיף זענען געווען עטלעכע סוחרים וועלכע האָבן געפירט סחורה קיין סוריה. די סוחרים האָבן דערציילט אַז זיי האָבן געוואָלט נאָך בלייבן אַ שטיקל צייט אין דער שטאָט און נאָך קויפן פאַרשידענע סחורות, נאָר צוליב די איבערקערענישן וואָס טוט זיך די לעצטע פּאָר טעג אין שטאָט האָבן זיי נישט געקאָנט בלייבן. —וואָס פאַראַ איבערקענישן טוען זיך אין אלכסנדריה? פרעגן מיט נייגעריקייט די מענטשן וואָס זענען פון פריער געווען אויפן שיף.

— דאָס גאַנצע האָט זיך גענומען פון אַ קלייניקייט — ענטפערן די סוחרים — עפּעס אַ שיכורער מצרי איז אַריין צו דעם גרעסטן נוצרישן גלח אין שטאָט און האָט אים צעהאַקט די ביינער אַז עס איז אַ ספק צי ער וועט נאָך בלייבן לעבן, די נוצרים פון שטאָט וואָס שרייען שוין אַ לענגערע צייט אַז עס

מוז נעמען אַן עק צו די פּילע טשעפּערייען וואָס די געצנדי־
נער טשעפּען זיי, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דער מעשה און האָבן
געמאַכט אַ גרויס איבערקערעניש אין שטאָט, זיי האָבן פאַר־
שלאָסן אַלע זייערע געשעפטן, און האָבן זיך צונויפגעזאַמלט
אין זייערע געגנטן. און זיי האָבן אויסגערופן אַ מלחמה קעגן
דעם גרעסערן טייל איינוווינער פון לאַנד. מיט שפּיזן און העק
האָבן זיי געפירט די מלחמה. פיל מענטשן און פיל פון די באַ־
רימטע מצרישע פערד זענען געפאַלן אין דער מלחמה. און ווער



די מלחמה אין אלכסנדריה.

ווייס ווי ווייט די מלחמה וואָלט זיך צעשפּרייט איבערן לאַנד
ווען נישט דער בירגערמייסטער פון שטאָט וואָס האָט גלייך

געלאָזט רופן צו זיך דריי נוצרישע שופטים און ער האָט זיי איי־בערגעגעבן דעם מצרי, דאָס זיי זאָלן אים פאַרמשפּטן. דורך דעם האָט זיך אַביסל אָפּגעשטילט די גרויסע מהומה.

אַזוי ווי אַלע נוצרים האָבן דאָך געוואָלט וויסן וועלכע געצנ־דינערישע גלחים רייצן אָן דאָס פאָלק אַקעגן זיי, האָבן די נוצרישע שופטים דאָס ערשטע געפרעגט דעם מצרי: ווער האָט דיר געהייסן זאָלסט שלאָגן דעם נוצרישן גלח? — אָבער זאָג דעם ריינעם אמת! — האָבן זיי אים שטרענג געזאָגט.

— מיין ווייב — ענטפערט דער געצנדינער צו יעדנס וואונדער. — ער האָט דערציילט די גלחים אַ גאַנצע מעשה דאָס ער האָט אין דעם טאָג מיט זיין שטעקן געשלאָגן עפּעס אַ נוצרי וואָס איז דורכגעפאָרן מיט אַ וואָגן אין זיין געגנט, האָט אים דער נוצרי דערפאַר אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע פאַרמעגן, און ער האָט אים געזאָגט אַז עס איז אַזאַ געזעץ ביי די נוצרים אַז ווער עס שלאָגט זיי דעם דאָזיקן טאָג מוז מען אים אַוועק געבן דאָס גאַנצע פאַרמעגן. דאָ האָט דער געצנדינער דערציילט די גאַנצע מעשה מיט זיין ווייב, אַז זי האָט זיך אויף אים אויס־געבייזערט דאָס ער האָט פּונקט אָנגעטראָפן אַזאַ דלפון וואָס פאַרמאָגט נאָר ניין און דרייסיק רענדלעך, און אַז צו דעם רייכן גלח'ס פאַרמעגן וועט געוויס צוקומען דער געשיקטער חאָסאַן, דעריבער האָט ער געוואָלט זוכה זיין און זיין פאַרמעגן.

— און פאַר וואָס האָסטו אים מיט אַזאַ אכזריות געשלאָגן? — פרעגן ווייטער די שופטים.

— כדי ער זאָל נישט קאָנען לייקענען — ענטפערט ווידער דער מצרי — ווייל אַזוי ווי קיינער איז נישט געווען אין הויף, האָב איך געטראַכט אַז כדי ער זאָל ראַטעווען זיין פאַרמעגן וועט ער זאָגן דאָס איך האָב אים בכלל נישט אָנגערירט, דעריבער האָב איך געמוזט מאַכן אין אים גוטע סימנים כדי ער זאָל מיך

נישט קאָנען אָפּלייקענען. און איצט מיינע חשובע גלחים — האָט ווייטער געזאָגט דער מצרי — זאָלט איר איינהאַלטן אייער געזעץ און גיט מיר אַוועק זיין פאַרמעגן . . .

די גלחים האָבן אים פאַרמשפּט אויף צוואַנציק יאָר תּפיסה מיט שווערער אַרבעט. דאָס איז געווען צוליב די אכזריות׳דיקע שלעק וואָס ער האָט דערלאַנגט מיט זיין שטעקן דעם רייכן גלח. און אַזוי ווי ער האָט דאָך זיך מודה געווען אַז ער האָט אויך געשלאָגן עפּעס אַ נוצרי, און לויט ווי עס זעט אויס האָט ער אים נאָך באַרויבט אויך, דעריבער האָט מען אים וועגן דעם עקס־טער באַשטראָפט. מ׳האָט אים געשלאָגן „מלקות" ניינציק שמיס — אַזוי ווי דער מנהג ביי די מצריים, און העלפט פון זיין פאַר־מעגן האָבן די שופטים געפּאַסקעט געהער צו דעם נוצרי וואָס ער האָט אים געשלאָגן און באַרויבט.

דעם פּסק האָט מען אויסגערופן אין אַלע נוצרישע גאַסן. אָבער דערווייל האָט זיך נאָך נישט געמאָלדן דער נוצרי וואָס דער געצנדינער האָט אים באַרויבט — האָבן געענדיקט די סוח־רים זייער דערציילונג.

דער יהודי האָט מיט גרויס הנאה אויסגעהערט וואָס פאַראַ סוף דער צעווילדעטער געצנדינער האָט געהאַט, אָבער ער האָט זיך גאָרנישט געמאַכט וויסנדיק דאָס ער האָט עפּעס אַ חלק אין דער מעשה, איבער דער גאַנצער צייט וואָס זיי זענען גע־פאָרן אויפן שיף האָט מען נאָר פון דעם אַרומגערעדט. נאָך עטלעכע טאָג פאָרן אויפן ים האָבן זיך שוין אָנגעזען די הויכע בערג פון סוריא, אַ ביסל שפּעטער האָבן זיך שוין געזען די שפּיץ הייזער פון לודקיאַ.

כ.

ווען דער יהודי האָט ווידער דערזען דאָס שטעטל לודקיאַ פאַר זיינע אויגן איז ער פול געוואָרן מיט פרייד, דאָס שטעטל

האָט אים דערמאָנט אויף די שענסטע און אַנגענעמסטע צייט פון זיין ביז איצטיקן לעבן, ער האָט זיך דערמאָנט אין די שיינע טעג וואָס ער האָט מיט אַזאַ הנאָה און פאַרגעניגן געלערנט. עס האָט זיך אים ווידער געבענקט דערויף, ער האָט זיך געטרייסט אין האַרץ דאָס כאָטש עטלעכע וואָכן וועט ער באַלד ווידער פילן דעם תענוג ווען ער וועט זיין אין עכו ביי דעם הייליקן רבי יצחק.

מיט אַ שנעלקייט איז ער אַראָפּ פון דעם שיפל. זיינע אויגן גיבן גלייך אַ בליק אויף דעם אָרט ווו ער איז נישט לאַנג גע־לעגן געבונדן אין קייטן. עס כאַפּט אים אַ ציטער אין די ביינער ווען ער דערמאַנט זיך דעריין, אָבער גלייך נעמט ער זיך מיט שנעלע טריט גיין צו דעם אַלטן רב, אונטערוועגס האָבן אים באַגעגנט עטלעכע יהודים, זיי האָבן אים דערקאָנט, זענען זיי אים געפאַלן אויפן האַלדז און מיט גרויס ליבשאַפט און פרייד גע־קושט. מיט טרערן פון פרייד אין די אויגן האָבן זיי געמאַכט אויף אים די ברכה פון „מחיה־המתים". ווי אַ בליץ האָט זיך צעשפרייט די גוטע בשורה אַז דער באַליבטער ערלעכער יהודי איז צוריק געקומען. ווען דער יהודי איז צוגעקומען צום רב'ס הויז איז שוין דאָרט געווען אַ גרויסער טייל פון די יהודים. די שמחה וואָס עס האָט זיך דאָרט געטוען ווען דער אַלטער רב האָט אים דערזען קאָן מען זיך נישט פאָרשטעלן, די שמחה ווען מ'טרעפט זיך צוזאַמען מיט אַן אייגענעם בן־יחיד איז געוויס נישט גרעסער. דערווייל האָבן געהאַלטן אין איין שטורעמען מענטשן, צווישן זיי — להבדיל — פילע גוים, אַלעס האָט זיך געפרייט מיט דעם יהודי ווי מיט דעם נאָענטסטן פריינט, ווער שמועסט די עשירים וואָס ער האָט זיי געראַטעוועט פון טויט, און די צענטליקער יהודים וואָס זייער פּרנסה האָבן זיי געהאַט אים צו דאַנקען. זיי האָבן געבראַכט משקה לרוב און די שמחה

איז געווען ממש עד לב־השמים. מ׳האָט געזונגען און געטאַנצט און עס האָט זיך טאַקע געפּרייט פון טיפן האַרץ. דער יהודי האָט אויך געהאַט אַ גרויסע שמחה זעענדיק וואָס פאַראַ פרייד עס האָט פאַרשאַפט פאַר אַלעמען זיין אַהיים קומען.

אָבער זיין שמחה האָט נישט לאַנג געדויערט, ווייל אין מיטן דער שמחה האָט ער געגעבן אַ פרעג דעם רב ווו די „יהודית״ געפינט זיך? האָט אים דער רב דערציילט די גאַנצע געשיכטע וואָס עס האָט מיט איר פּאַסירט. דאָס די ערשטע צייט נאָכדעם ווי ער איז פאַרשוואונדן האָט זי נעבעך געוויינט טאָג און נאַכט, עס האָט נישט געהאָלפן קיין ווערטער צו איר, אַלע טרייסטן וואָס מ׳האָט איר געזאָגט האָבן איר נאָך מער דערביטערט. שפּעטער איז זי כמעט משוגע געוואָרן, זי האָט זיך אָנגעטאָן מלבושים ווי איין אַלטע פרוי, און זי האָט אַלץ געזאָגט אַז זי זעט נאָך אויס צו יינג אין זיי, און האָט זיי געביטן אויף נאָך עלטערע ביז זי האָט ממש אויסגעזען ווי אַן אַלטע באָבע. מיט די מלבושים פלעגט זי שטיין אַ גאַנצן טאָג ביים פּאָרט און קוקן אויף די שיפן וואָס קומען אָן און וואָס פאָרן אַוועק, נישט איינ־מאָל בין איך אַליין — דערציילט אים דער אַלטער רב — גע־גאַנגען צו איר צום פּאָרט און געבעטן דאָס זי זאָל אַהיים קומען, האָט זי מיר אַלץ געענטפערט, איך וואַרט דאָ אויף דעם שיף וואָס האָט דעם ערלעכן יהודי אַוועקגעפירט, אָדער די שיף וועט אים צוריק ברענגען אָדער זי וועט מיך אויך נעמען צו אים. אויך האָט זי עפּעס גערעדט פון די ריזן, זי האָט אַלץ גע־זאָגט אַז זי וויל שטאַרבן צוזאַמען מיט דעם אידעלעם יהודי ביי די ריזן, און אַז צוליב איר האָבן די ריזן אים פאַרכאַפּט. קיינער ווייס נישט דאָ וואָס זי האָט דערמיט געמיינט. אַזוי האָט דאָס געדויערט עטלעכע וואָכן, ביז זי איז פאַרשוואונדן געוואָרן אָן דעם אַז עמיצער זאָל וויסן וויאַהין.

ווי דער יהודי האָט דערהערט אַז די בת־המלכה איז פאַר־שוווּנדן געוואָרן איז ער געבליבן שטיין ווי אַ דערקלאָפּטער. ער האָט זיך געטראַכט, איך האָב צוגעזאָגט אַ פּינקטלעכן זמן ווען איך קום צוריק ווייל איך האָב געוווּסט אַז איך האָב דאָ איבערגעלאָזט די בת־המלכה און איך דאַרף זי נאָר קומען אָפּ־נעמען, איצט ווער איך גאָר געוויר אַז זי איז פאַרשווּנדן גע־וואָרן און קיינער ווייס נישט וויאַהין. ער האָט פאַרשטאַנען אַז מיט דעם מענטשלעכן שכל וועט ער בשום אופן נישט דערויפ־קומען ווּ זי געפינט זיך, ווייל עס זענען דאָך דאָ אין אַלע עקן פון דער וועלט מענטשן־פרעסערס און ווער קאָן וויסן צו וועלכן עק וועלט זי איז פאַרשלעפּט געוואָרן, דעריבער האָט ער באַ־שלאָסן אַז ער מוז גלייך פאָרן קיין עכו צו דעם הייליקן רבי יצחק דער באַוווּסטער בעל רוח־הקודש.

געטראַכט און געטוען. שוין דעם אַנדערן טאָג נאָכדעם וואָס ער איז אָנגעקומען קיין לודקיאַ, האָט ער צוזאַמען גענומען אַלע זאַכן פון דער יהודית וואָס האָבן זיך געפונען ביים רב, צווישן זיי אַ גרויסע גאָלדענע האַלדז־רייף, וואָס דער מיטל־סטער בן־המלך פון די ריזן האָט איר געגעבן אין דעם טאָג ווען זי איז אַריינגעפאַלן אין ים, און נאָך פיל אַנדערע זאַכן, און ער איז מיט דער ערשטער שיף געפאָרן קיין עכו. די יהודים פון לודקיאַ האָבן אים שטאַרק געבעטן אַז ער זאָל כאָטש עט־לעכע טעג נאָך בלייבן ביי זיי, אָבער ער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין אַז עס איז כמעט זיכער אַז די יהודית וואָס איז געווען ביים רב געפינט זיך ערגעץ ביי די מענטשן־פרעסערס, און עס קאָן זיין אַז עס וועט אים געלונגען איר צו ראַטעווען, נאָר אָבער יעדן טאָג קאָן דאָך קומען אויף איר די ריי אַרויפגעצויגן צו ווערן אויף דער בראָט־שפּיז, דעריבער איז יעדן טאָג וואָס ער וועט זיך דאָ אויפהאַלטן אַן ענין פון סכנות־נפשות פאַר דער יהודית.

כאָטש קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס פאַראַ שייכות דער קלוגער יהודי האָט צו דער יהודית וואָס די מענטשן האָבן געטראַכט אַז זי איז האַלב משוגע, האָט אָבער קיינער נישט געקאָנט זאָגן אַז מ׳דאַרף איר חלילה נישט ראַטעווען פון טויט. קעגן זייער ווילן האָבן אַלע געמוזט מסכים זיין צו דעם יהודי׳ס גלייכן צוריק פאָרן. מיט גרויס פאַראַד האָבן אַלע אים באַגלייט צום פאָרט, דאָרט האָט זיך מיט אים יעדער עקסטער געזעגנט מיט גרויס ליבשאַפט. דער אַלטער רב האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף זיין קאָפּ און אים געבענטשט, דאַן איז ער אַריין אין שיף און מיט גרויס בענקשאַפט האָבן אַלע נאָכגעקוקט ווי די שיף דערווייטערט זיך מיט דעם יהודי וואָס איז געווען ביי יעדן אַזוי באַליבט.

עטלעכע פון די עשירים וואָס דער יהודי האָט זיי געראַטעוועט פון טויט זענען מיט אים געפאָרן קיין עכו. כאָטש די נסיעה פון לודקיאַ קיין עכו רעכנט זיך פאַר גאָר אַ קורצע נסיעה איבערן ים, פונדעסטוועגן האָט זי אויסגעזען אין די אויגן פון דעם יהודי וואָס האָט זיך שוין אַזוי געוואָלט זען מיט דעם הייליקן רבי יצחק, פאַר גאַנץ לאַנג. ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין עכו זענען די עשירים גלייך צוגעגאַנגען מיט דעם יהודי צו רבי יצחק׳ן.

רבי יצחק האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דעם יהודי, וואָס זיין גוטן נאָמען האָט ער נאָך געהערט ווען ער האָט זיך געפונען אין לודקיאַ. ער האָט אים אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער ציי־מער און דאָ האָבן זיי גערעדט ביחידות. דער יהודי האָט אויס־געגאָסן זיין ביטער האַרץ פאַר דעם הייליקן רבי יצחק, ער האָט אים געזאָגט אַז זייט זיין אַלטער ערלעכער פאָטער איז געשטאָרבן האָט ער נאָך ממש נישט געהאַט קיין מנוחה אויף

דער וועלט, אַ חוץ איין יאָר וואָס ער האָט מיט תענוג געלערנט אין לודקיאָ. איצט האָט ער געהאָפט אַז ער וועט כאָטש אַביסל קאָנען לערנען „סתרי־תורה״ די פאַרבאָרגענע סודות פון דער תורה ביי אים, איז אויך אויף אים אַרויפגעשפרונגען דער צאָרן פון דער בת־המלכה וואָס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, ער ווייס נישט — האָט דער יהודי געענדיקט — פאַר וואָס ער איז אַזוי זינדיק דאָס עס קומען אויף אים אַזויפיל צרות.

מיט גרויס געדולד און מיט מיטלייד האָט אים רבי יצחק אויסגעהערט, דאַן האָט ער אים געזאָגט, הער אויס מיין טייער קינד! קיין שום מענטש אויף דער וועלט, טאָר נישט און קאָן זיך נישט אָפּרעדן אויף דעם וואָס עס קומט אים פאָר אין לעבן, ביזטו גרעסער פון אונזער גרויסן זיידע אברהם אבינו? וואָס האָט זיך געלאָזט אַריינוואַרפן אין קאַלאַך אויוון וועגן השי״ת׳ס הייליקן נאָמען, און פון דעסטוועגן גלייך ווי ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל איז דאָרט געוואָרן אַ הונגער און ער האָט גע־מוזט אַנטלויפן קיין מצרים און דאָרט איז אויף אים געקומען אַ צרה מיט דעם מלך פון מצרים און די אַנדערע נסיונות וואָס ער איז געפּרוווט געוואָרן, ווייל דווקא די יהודים וואָס זענען עומד־בנסיון ברענגט השי״ת אויף זיי שווערע נסיונות כדי זייער זכות זאָל קאָנען שיצן אויף אַזעלכע יהודים וואָס זענען נישט עומד־בנסיון. טראַכט דיך נאָר איבער צוליב די נסיונות וואָס השי״ת האָט געבראַכט אויף אונזערע הייליקע אבות קאָנען מיר בעטן אין די ביטערסטע צייטן אַז השי״ת זאָל אויף אונז רחמנות האָבן אין זייער זכות. ווען השי״ת וואָלט נישט געבראַכט דעם שווערן נסיון אַז אונזער פאָטער יצחק זאָל דאַרפן שטרעקן זיין האַלדז פאַר השי״ת, ווער ווייס אין וואָס פאַראַ ביטערן מצב דער כלל ישראל וואָלט זיך היינט חלילה געפינען, אין אַזאַ צייט ווען עס זענען פאַראַן אַזוי פיל און אַזעלכע שטאַרקע ריזן וואָס

שטרעבן דערויף און האָבן די מאַכט דערצו צו פאַרניכטן חלילה וחלילה דאָס שעפּסעלע ישראל.

— און ווידער — זאָגט ווייטער רבי יצחק — דו האָסט דיך גאָרנישט וואָס אָפּצורעדן, ווייל די מענטשן וואָס ווילן טאַקע מיטן גאַנצן האַרץ דינען השי"ת און זיי שטייען ביי די נסיונות וואָס השי"ת שיקט אויף זיי כדי זיי צו פּרוּוון, די מענטשן האָבן טאַקע אַן עקסטערע השגחה פון השי"ת, עס געשעט מיט זיי גאָר גרויסע נסים, כאָטש דאָס אין דער צייט ווען די נסים געשען פילט מען זיי נישט, ווייל השי"ת טוט זיי אָנקליידן אין דער טבע, אין דער נאַטור, אָבער ווען מ'קלערט זיך שפּעטער איבער אין די אַלע פּאַסירונגען וויאַזוי זענען צוגעגאַנגען מיטן מענטשן, צייגן זיך אַרויס די גרויסע נסים וואָס השי"ת טוט מיט יעדן מענטש און איבערהויפּט מיט העכערע סאָרט מענטשן, דעריי־בער זאָג איך דיר טאַקע אָן, פאַר דיר און פאַר דיינע ברודער, דאָס פאַר אייער אַוועקגיין פון דער וועלט זאָלט איר באַשרייבן אַלעס וואָס איז אויף אייך אַריבער, ווייל אפילו אין די זאַכן וואָס ווען זיי זענען געשען האָבן זיי אויסגעזען אַזוי נאַטירלעך אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אַנדערש האָט גאָרנישט געקאָנט זיין, זענען אַזוי פול מיט אָפענע נסים, אַז עס וועלן זיין מענטשן וואָס וועלן זיך נישט קאָנען גלויבן אַז זיי זענען געשען. אפילו דאָס וואָס דיינע ברודער וועלן זיך אויפאיינמאָל צוזאַמען טרעפן מיט דיר, וואָס עס וועט ביי אייך אין די אויגן אויסזען ווי אַ דרך־הטבע עס האָט אַזוי פּאַסירט איז אויך השגחה פרטית.

און איצט וועגן דער בת־המלכה וועלכע דו זוכסט, זאָלסט וויסן אַז זי געפינט זיך אין דעם דרייעקיגן אינדזל ביי די ריזן, אין דער קאַמער וועלכע זיי רופן „קרבנות־קאַמער", איך גיב דיר איבער אַ קמיע, וואָס ווען דו וועסט די קמיע צו קלעבן צו אַ וואַנט פון אַ שיף און וועסט אין זינען האָבן די כוונות וואָס

איך וועל דיך אויסלערנען וועט די שיף פאָרן אפילו אונטערן וואַסער, נאָר איך בעט דיך זאָלסט זען אַז דער נס זאָל זיך נישט אָנזען, נאָר עס זאָל זיין אָנגעקלייד אין דער טבע. ווייל השי״ת האָט באַשאַפן די טבע דאַרף מען זען ווי ווייניקער זי צו צעברעכן. אַז הקב״ה היילט אַ מענטש, היילט ער אים אויך דורך אַ דאָקטער, כדי עס זאָל אויסזען ווי גלייך ער איז גע־היילט געוואָרן בדרך־הטבע, ווייל ער האָט ליב די טבע וואָס ער האָט באַשאַפן דורך איר צו פירן די וועלט, דעריבער היילט ער אין אַלע נסים זאָלן אויסזען ווי דער דרך־הטבע.

אַ גאַנצן טאָג איז רבי יצחק געזעסן אין דעם צימער פאַר־שלאָסן מיט דעם יהודי, און ער האָט אים אויסגעלערנט ער זאָל קאָנער פאַרשטיין פון אַ ספר די „סתרי־תורה״, דאַן האָט ער אים איבערגעגעבן עטלעכע ספרים וואָס ער האָט אַליין גע־האָט געשריבן, און ער האָט אים געזאָגט וויפל איך וואָלט געוועזן געמעגט מיט דיר לערנען „סתרי־תורה״ ליגט דאָ פאַרשריבן. פלוצים איז רבי יצחק געוואָרן אַ פלאַם פייער. אויף דעם יהודי איז געפאַלן אַ פחד אַלעס האָט אים געציטערט.

— איך זע אין אייער שורש־נשמה — האָט רבי יצחק גע־זאָגט מיט אַ שטילן טיפן קול — אַז איר ברודער זענט געקומען אויף דער וועלט צו העלפן כלל ישראל פון זייערע צרות. וועט דאָס היינטיקע דור ווערט זיין, וועט איר קאָנען צוברענגען דערצו אַז דער גרויסער ידישער אויסלייזער משיח השם זאָל קומען דורך אייך, טאָמער חלילה נישט, וועט איר כאָטש אַראָפּ־נעמען איינס פון די גרעסטע צרות פון יידישע קינדער, דאַדורך ווייל איר צוזאַמען — אַז איר וועט עומד־בנסיון זיין, און גאָר אַ שווערן נסיון — וועט אונטערברענגען אַ פאָלק וואָס פלאָגן און פאַרגיסן יידיש בלוט שוין הונדערטער יאָרן.

— עס ציטערט מיר דאָס האַרץ ווייל איך זע דאָס ליידער

לײדער װעלן נאָך פאַרגאָסן װערן טײַכן בלוט ביז װען מיר װעלן זוכה זײַן צו דער אמתער גאולה דורך משיח־צדקינו, איך זע װי מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, װען עס װעט אױסזען אַז דאָס ײדישע פאָלק איז שױן נישט קײן נרדף, װײַל די גױים האָבן שױן אַלײן אײַנגעזען װאָס פאַראַ אומרעכטן זײ זענען הונדערטער יאָרן באַגאַנגען קעגן ײדישן פאָלק. און ײדן װעלן פאַרנאַרט װערן און זײ װעלן זיך לאָזן אײַנרעדן אַז די גױים האָבן זײ טאַקע נישט פײַנט, און זײ, די ײדן, װעלן צוריקװײַזן גרױס ליבשאַפט. און פון דאָרט, פונעם אָרט פון װי מיט די פאַר־נאַרטע אױגן װעט זיך אױסדאַכטן אַז עס װעט פון דאָרט אַרױס גערעכטיקײט אױף דער װעלט, פון דאָרט זע איך װי עס װעט לײדער אַרױף אַ רױטער רױך פון הונדערטער טױזנטער ײדישע קינדערלעך׳ס בלוט. דער הימל װערט פאַרשטעלט פון דעם טונקל־רױטן װאָלקן װאָס איז געװאָרן פון דעם שרעק־לעכן בראָך װאָס האָט געטראָפן דעם כלל־ישראל װאָס זײַן גלײַכן איז נאָך נישט געװען.

איך זע — זאָגט װײַטער מיט אַ טיפן קרעכץ רבי יצחק — אַז נאָך דעם שרעקלעכסטן חורבן װאָס דאָס ײדישע פאָלק האָט אין זײַן היסטאָריע געװוּסט, נאָך דעם אומגליק װאָס די שענ־סטע קהילות, די גרעסטע משפחות זענען טיף טיף מיטן װאָרצל אױסגעריסן געװאָרן נאָכדעם װען מ׳װעט שױן האָפן אַז אַט נאָכדעם, נאָכדעם, נאָכדעם — — — האָט נאָך עטלעכע מאָל געזאָגט רבי יצחק און ער האָט געזאָגט מער קאָן איך דיר נישט דערצײלן, עס איז צוגענומען געװאָרן דער רשות פונעם הימל. רבי יצחק האָט אים אָנגענומען בײַ זײַן האַנט און האָט אים באַ־גלײט ביז צום פּאָרט, מער האָט ער מיט אים קײן אײן װאָרט נישט גערעדט, נאָר ער האָט אים אַרױפגעלײגט די האַנט אױף זײַן קאָפּ, דאַן איז ער אַרױף אױפן שיף עטלעכע מינוט אײדער

זי איז אַוועקגעפאָרן. פיל זאַכן האָט דער יהודי נאָך געהאַט צו פרעגן ביי רבי יצחק׳ן, און פיל ענינים האָט ער נאָך געוואָלט מיט אים אַדורכשמוסן, אָבער פון דעם פלוצים׳דיקן געזעגענען מיט רבי יצחק׳ן, איז אים ווי פאַרשלאָסן געוואָרן דאָס מויל און קיין איין וואָרט האָט ער נישט געקאָנט אַרויסרעדן. איצט איז ער שוין געווען אויפן שיף, ער איז געשטאַנען אַן איבעראַשטער און געקוקט אויף דער הייליקער פייערדיקער צורה פון רבי יצחק.

## כא.

דאָס שיף האָט זיך צוביסלעך דערווייטערט פונעם פּאָרט. וויאַהין זי פאָרט האָט ער נישט געוווּסט, און אפילו אַז זי דער־ווייטערט זיך פון פּאָרט האָט ער אויך נישט באַמערקט. ווען דאָס שיף איז שוין געווען אַביסל ווייט האָט ער געזען ווי רבי יצחק איז ווי צו זיך געקומען, און מיט אַ שמייכל אויף זיין פּנים האָט ער אים געווינקען ער זאָל זיך באַרואיקן. די אויגן פון דעם יהודי זענען אַ גאַנצע צייט געווען צוגעקלעפּט צו דער הייליקער צורה פון רבי יצחק, ער זעט ווי דער הימל לאָזט זיך אַלץ אַראָפּ נידעריקער, ער זעט ווי דער הימל דערגרייכט שוין צו דעם קאָפּ פון רבי יצחק. זיינע פוס שטייען אים אויף דער ערד און זיין קאָפּ געפינט זיך אין הימל וואָס האָט זיך איצט אַראָפּגעלאָזט נאָענט צו דער ערד. די שיף האָט זיך אַלץ דער־ווייטערט, פאַר זיינע אויגן האָט ער שוין נישט געזען נאָר אַ פּינטעלע גרויס ווי אַ שטערן אָבער אַז ער האָט נאָך פיל גע־קוקט האָט ער געזען ווי עס דרייט זיך פאַר אים אַרום אַ גרויסע ראָד פון פיל שטערן. פּלוצים האָט ער דערפילט ווי די פיס קאָנען אים ניט דערטראָגן. ער זעצט זיך אַוועק אויף דעם אָרט ווי ער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון דעם שיף, און איז גלייך איינגעשלאָפן.

נישט לאַנג איז ער דאָרט געשלאָפן, אָבער ווען ער האָט זיך אויפגעוועקט האָט ער געפילט ווי עפּעס אַ נייע נשמה איז אים אַריין געגעבן געוואָרן, יעדעס וואָרט וואָס דער הייליקער רבי יצחק האָט צו אים געזאָגט, האָט אים געקלונגען אין די אויערן, און די פּייערדיקע צורה מיט דעם פריינטלעכן שמייכל אויף די ליפּן וואָס ער האָט געגעבן ווען דאָס שיף האָט זיך שוין געהאַט אַביסל דערווייטערט, האָט זיך אים געשטעלט פאַר זיינע אויגן. זיין גאַנץ לעבן האָט דער יהודי געפילט די פאַר געהויבענע שעה וואָס ער אַט געהאַט די זכיה צו זיין ביחידות מיט רבי יצחקן אין זיין צימער.

איבער דער גאַנצער נסיעה האָט דער יהודי מיט קיינעם נישט גערעדט קיין וואָרט, נאָר ער איז געזעסן פאַרטראַכט אין זיינע געדאַנקען, זיין קלוגער קאָפּ האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אויף וואָס פאַראַ אופן צו ראַטעווען די בת־המלכה פון די ריזנס הענט. ערשט ווען דאָס שיף איז געווען אין מיטן וועג האָט זיך דער יהודי אינטערעסירט וויאַהין זי פאָרט, האָט ער זיך דערוווּסט אַז זי פאָרט קיין מצרים.

גלייך ווי דאָס שיף איז אָנגעקומען קיין מצרים האָט זיך דער יהודי גענומען אויספירן זיין פּלאַן. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ גרויסן גאָלד קריצלער און האָט ביי אים געלאָזט אויסקריצן אויף דינע גאָלדענע טאָוולען, וואָס זענען געווען אַזוי דין ווי פּאַרמעט, צוויי בריף וואָס ער האָט פאָרגעשריבן. ער האָט אים געהייסן אַז די טאָוולען זאָלן זיין געמאַכט אין פאָרם פון אַ פיש, און ער זאָל צו זיי אויך מאַכן צוויי שיינע גאָלדענע פישקעלעך. דער קינסטלער האָט אים געמאַכט גאָר אַ שיינע אַרבעט. ווען די צוויי בריף זענען שוין געווען אין די הענט פון דעם יהודי, האָט ער איינעם אַוועקגעלייגט אין זיין בלעכענעם קעסטל, צווישן די זאַכן וואָס ער דאַרף נישט גלייך האָבן, און דעם

צווייטן בריף האָט ער געגומען צו זיך אין טאַש, ער האָט אים צוגעלייגט צו דער גרויסער גאָלדענער האַלדז־באַנד וואָס דער בן־המלך פון די ריזן האָט געהאַט געגעבן צו דער בת־המלכה אין דעם טאָג ווען זי איז דערטרונקען געוואָרן.

פון מצרים איז דער יהודי געפאָרן קיין „מדינת־תרשיש". די שיינע מדינה וואָס איר גוטער נאָמען האָט נאָך אין שלמה־המלך'ס צייטן אויסגעקלונגען דאָס דאָרט ווערן באַשאַפן די גרעסטע און שענסטע שיפן אין דער וועלט. אין תרשיש איז ער צוגעגאַנגען צו די גרעסטע שיף־פאַבריק, און ער האָט געזאָגט דעם אָנפירער פון דער פאַבריק אַז ער וויל ביי זיי באַשטעלן אַ ניי סאָרט שיפל וואָס זאָל קאָנען פאָרן אונטערן וואַסער. דער אָנפירער האָט זיך קודם אויסגעלאַכט פון דעם יהודי, אָבער אַז ער האָט אים דערלאַנגט עטלעכע אבנים־טובות פון די טייערע שטיינער פון מדינת־אופיר האָט ער שוין אַנדערש גערעדט מיט אים. דעם צווייטן טאָג קומט ווידער דער יהודי צו דעם אָנפירער מיט אַ גרויסן ים־פיש אין די הענט, ער לייגט אַוועק פאַר אים דעם פיש און זאָגט צו אים, פון דעם פיש מוז מען קאָנען אַרויסלערנען וויאַזוי צו בויען דאָס שיפל וואָס איך וויל קויפן ביי אייך. אַזוי ווי דער פיש קאָן שווימען אונטער די טיפסטע וואַסערן, אַזוי מוז מען קאָנען אויסגעפינען אַ שיפל וואָס זאָל קאָנען פאָרן אונטער די טיפסטע ימים. איך וועל דיר צאָלן פאַר דעם שיפל וויפל דו וועסט ביי מיר פאַרלאַנגען — זאָגט אים ווייטער דער יהודי — נאָר זע עס מיר צו בויען ווי פריער, ווייל מיין צייט איז גאָר קורץ.

אַז דער אָנפירער פון דער פאַבריק האָט געזען אַז ער קאָן דאָ פאַרדינען אַ גרויס פאַרמעגן, האָט ער זיך צוזאַמען געזעצט מיט זיינע געלערנטע שיפס־קינסטלערס און גענומען פלאַנען וויאַזוי צו בויען אַזאַ סאָרט שיפל וואָס זאָל קאָנען שווימען אונ־

טערן וואַסער. דער יהודי מיט זיין קלוגן פאַרשטאַנד האָט זיי אויך צוגעהאָלפן צו פלאַנעווען. נאָך פיל פלאַנען און פיל פּראָבעס וואָס זיי האָבן אויסגעפּרוווט עטלעכע סאָרט שיפלעך אונטערן וואַסער איז זיי געלונגען אויפצובויען אַ שיף וואָס האָט געקאָנט פאָרן אונטער דעם וואַסער אַ לענגערע צייט. דאָס שיפל איז געווען גאַנץ איינפאַך געבויט. פון אינעווייניק האָט עס געהאַט צוויי רעדער וואָס זענען געווען באַהאַפטן צו צוויי גרויסע שווועלן וואָס זענען געווען אונטער דעם שיפל, דאַדורך וואָס מ'האָט געדרייט די רעדער פון אינעווייניק האָבן זיך אויך געדרייט די שווועלן פון אונטן און אַוועק געשאַרט די וואַסערן פון אונטער דעם שיפל, און עס פאָרויס געפאָרן. פון אויוון העכער דעם שיפל איז געווען אַ רונדער אַריינגאַנג מיט אַ דעק וואָס האָט זיך אַרויפגעשרויפט. דאָס אַלעס איז געווען גאָר קינסטלעך געמאַכט אַז קיין וואַסער זאָל נישט אַריינקומען אין דעם שיף. דעם פּלאַן צו דעם שיפל האָבן זיי גענומען פון דעם וואָס זיי האָבן גוט באַטראַכט וויאַזוי די פיש שווימען אונטער די וואַסערן, און דאָס שיפל איז טאַקע אויך געווען געבויט אין פאָרם פון אַ גרויסן ים־פיש. אויך האָבן זיי געהאַט אַריין געבויט אין שיפל אַ פאַרמאַכט בלעכן קעסטל פול מיט געפּרעסטער לופט, דאַדורך האָבן זיי זיך געקאָנט פאַרזוימען אונטערן וואַסער גאָר אַ לאַנגע צייט.

אַז דאָס שיפל איז פאַרטיק געוואָרן און מ'האָט עס שוין איבערגעגעבן דעם יהודי, האָט דער יהודי געדונגען עטלעכע גוטע מאַטראָזן, וואָס צוליב די גרויסע סכומים געלט וואָס ער האָט זיי געצאָלט און צוליב דעם גרויסן כבוד וואָס זיי וועלן האָבן דערמיט וואָס זיי וועלן הייסן צווישן די ערשטע מאַטראָזן אין דער וועלט וואָס האָבן געפירט אַ שיף אונטערן ים, האָבן זיי זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויף

דער געפערלעכער נסיעה. קודם זענען זיי אַרויס געפאָרן אַזוי ווי אַ צווייטע שיף מיט אויסגעצויגענע זעגל ביימער אויפן ים.

ווען זיי זענען שוין געווען אין מיטן ים האָט זיך דער יהודי צוזאַמען געזעצט מיט די מאַטראָזן און זיי איבערגעגעבן דעם פלאַן אויף דער ווייטערדיקער נסיעה. ביז מיר וועלן נישט אָנקומען גאַנץ נאָענט נעבן דעם ריזן־אינדזל — האָט דער יהודי געזאָגט צו זיי — וועלן מיר ווייטער פאָרן פון אויוון אויפן ים, נאָר ווען מיר וועלן זיך דערנענטערן צו דעם ריזן־אינדזל וועלן מיר צוזאַמען נעמען די זעגל ביימער און מיר וועלן זיך אַראָפּ לאָזן אונטערן וואַסער. דאָס וועלן מיר מאַכן אין אַ פאַרנאַכט כדי אַז מיר זאָלן צוקומען צו דעם אינדזל אין דער טונקעלער נאַכט, ווען קיינער וועט אונז נישט זען.

על כל צרה שלא תבא. — מ׳דאַרף דאָך זיך שטענדיק באַוואָרענען — זאָגט ווייטער דער יהודי צו די מאַטראָזן — און זיך צוגרייטן וואָס צו טוען טאָמער חלילה עס וועט נישט גיין אַלעס פונקט ווי מ׳טראַכט. דעריבער זאָג איך אייך אָן, אַז אויב מיר וועלן חלילה אַרייַן פאַלן אין די ריזנס הענט, זאָלט איר אייך מאַכן ווי גלייך איר זענט טויב־שטימע מענטשן, און נישט נאָר הערן און רעדן זאָלט איר אייך מאַכן אַז איר קאָנט נישט, נאָר אפילו אויב זיי וועלן אייך עפּעס ווינקען, זאָלט איר אייך אויך מאַכן ווי גלייך איר פאַרשטייט גאָרנישט אויפן ווינק, ווייל אויב די ריזן וועלן זיך דערוויסן אַז איר פאַרשטייט וואָס מ׳רעדט אָדער מ׳ווינקט צו אייך זענען מיר אַלע פאַרלוירענע מענטשן.

ווי דער יהודי האָט געענדיקט צו רעדן מיט די מאַטראָזן איז ער צוגעגאַנגען צו אַ ווינקל פונעם שיף און האָט צוגעלייגט צו אַ וואַנט פון דעם שיפל די „קמיע״ וואָס ער האָט באַקומען ביי דעם הייליקן רב יצחק דמן עכו, דערביי האָט ער מכוון געווען די גרויסע כוונות וואָס רבי יצחק האָט אים איבערגעגעבן, אַזוי

אַרום איז די נסיעה געווען גאָר אַ גוטע. ווען זיי זענען שוין געווען נישט ווייט פון דעם ריזן אינדזל האָבן זיי אַריין געגומען די זעגלביימער, פאַרשלאָסן די דעק, און זיך אַרונטער געלאָזט אונטער די מצולות־הים.

ווי זיי פאָרן אַ היפּש ביסל צייט אונטער די וואַסערן פילן זיי פּלוצים ווי די שווינדלען וואָס זענען געווען פון דרויסן אונטער דעם שיפל און האָבן געדאַרפט אַוועק שאַרן די וואַסערן, האָבן זיך איינגעהאַנקערט אין עפּעס און זיי רירן זיך נישט פון אָרט. די מאַטראָסן פּרוּוון צו דרייען מיט די רעדער וואָס זענען געווען אין שיפל אויף אַלע זייטן, אָבער עס רירט זיך נישט. זיי זענען שוין נעבעך געווען זיכער אַז איצט בלייבן זיי דאָ ביים גרונט ים ביז תחיית־המתים. מ׳קאָן זיך אַליין פאָרשטעלן וואָס עס האָט זיך דאָרט געטוען אין דעם שיפל ווען זיי האָבן געזען דעם טויט פאַר זייערע אויגן. אָבער דער יהודי האָט זיך נישט מייאש געווען, ער האָט זיך גענומען אַריין טראַכטן אין די הייליקע כוונות וואָס רבי יצחק האָט אים איבערגעגעבן. פּלוצים האָבן זיי דערפילט ווי דאָס שיפל גיט אַ פלי אַרויס פון אונטער דעם וואַסער און עס גיט זיך אַ הייב אין די לופטן, אָבער גלייך איז עס צוריק אַריין געפלויגן אין ים אַריין מיט אַ גרויסן שטורעם. די מאַטראָזן מיט דעם יהודי וואָס זענען געווען אין שיפל זענען נעבעך געפלויגן אַהער און אַהין אין דעם שיפל זיי האָבן גאָרנישט געוווּסט וואָס צו טראַכטן וואָס עס איז דאָ געשען און וואָס עס וועט דאָ מיט זיי זיין.

ביי נאַכט זענען זיי געוווּיר געוואָרן וואָס דאָס איז געווען. ניש ווייט פון דעם דרייעקיגן אינדזל איז געפאָרן אַ גרויסע שיף פון די ריזן וואָס האָט אויסגעשפּרייט אַ גרויסע נעץ צו כאַפּן פיש. אַז די ריזן האָבן געפילט דאָס אין דער נעץ געפינט זיך אַ פיש האָבן זיי אים אַרויפגעשלעפּט. אָבער זעענדיק וואָס פאַראַ

גרויסער און אויסער געוויינטלעך שווערער פיש דאָס איז האָבן זיי די נעץ צוזאַמען מיטן פיש וואָס איז געווען אין איר צוריק געוואָרפן אין ים אַריין, ווייל אַזאַ שווערער פיש קאָן אַ דורך רייסן די נעץ. זיי זענען גלייך צוגעפאָרן צום פאָרט און די נעץ וואָס איז געווען באַהאַפטן צום שיף האָט אונטער די וואַסערן מיטגעשלעפט דעם שווערן פיש. ווען די ריזן האָבן אַרויסגעצויגן דעם פיש פונעם ים, זענען זיך צוזאַמען געלאָפן אַלע ריזן וואָס זענען געווען ביים פאָרט זעענדיק אַזאַ אינטערעסאַנטן פיש וואָס איז געווען פון אייזן. נאָך דעם וואָס זיי האָבן אַביסל באַטראַכט דעם פיש, האָבן זיי באַשלאָסן אַז מ׳דאַרף אים צו פירן צו זייער מלך, ווייל אַזוי איז געווען איינגעפירט ביי די ריזן דאָס יעדע אינטערעסאַנטע ים־חיה וואָס זיי האָבן געכאַפּט האָט מען זי געגעבן פאַרן מלך. זיי שלעפן אַרויף דעם שווערן פיש מיט זייערע לעצטע ריזן כוחות אויף עטלעכע וועגן, און מ׳פירט אים צו צו דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ.

ווי די וועגן זענען געפאָרן מיט דעם אינטערעסאַנטן פיש אין די גאַסן פון דער הויפּט־שטאָט, זענען זיך צונויף געלאָפן טויזנטער ריזן. ווען זיי זענען צוגעקומען צום קעניגלעכן פּאַלאַץ, האָבן זיי אַראָפּגענומען די נעץ אין וועלכן דער פיש איז אַריינגעכאַפּט געוואָרן, און זיי האָבן אונטערגעלייגט זייערע רוקנס אונטער דעם פיש, זיי האָבן אים אַראָפּגענומען פון די וועגן און אים צוגעפירט אין דעם שיינעם הויף פון דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ. עס איז אפילו גאָר שווער געווען אַזאַ גרויסע משא אַריבער צו פירן, ריזן זענען דאָך אָבער ריזן האָבן זייערע רוקנס דאָס אויסגעהאַלטן. אַז מ׳האָט אַראָפּגענומען די נעץ פון דעם שיפל זענען ווידער באַפרייט געוואָרן די שוויוולען וואָס זענען געווען איינגעהאַנקערט אין די נעץ. די מאַטראָזן פון שיפל וואָס האָבן זיך אַ גאַנצע צייט געפּרוווט ביי די רעדער,

אולי ירחם אפשר וועט זיי געלונגען אַרויסצודרייען דאָס שיפל וואָס זיי האָבן געטראַכט אַז עס האָט זיך אַריין געדרייט אין אַ זומפּ ביים גרונט פונעם ים, האָבן איצט ווידער געקאָנט דרייען די רעדער פון אינעוויינִיק. אַז זיי האָבן געגעבן אַ דריי אַ רעדל פון אינעוויינִיק, האָט דער שוויוול וואָס איז געווען באַהאַפטן צום רעדל, געגעבן אַ האַק אַ ריז אין קאָפּ אַריין. אַזוי האָבן עטלעכע ריזן באַקומען דאָרט געשפּאָלטענע קעפּ. די ריזן האָבן זיך גענומען שרייען גיט אַכט פון דעם פיש, דאָס איז נישט קיין פיש, דאָס איז אַ ווילדע ים־חיה. ערשט ווען די ריזן האָבן ליכ־טיק געמאַכט מיט זייערע גרויסע לאָמפּן, האָבן זיי געזען מיט וואָס דער ווילדער פיש צעשפּאַלט זיי די קעפּ, האָבן זיי פעסט אָנגעכאַפּט די שוויוולען.

כב.

אַז דער יהודי וואָס איז געווען אין שיפל און האָט אַ גאַנצע צייט תהילים געזאָגט, האָט דערפילט אַז זיי שטייען שוין גאַנץ אַ לאַנגע צייט אויף איין אָרט און מ׳רירט זיי נישט פון פלאַץ, האָט ער זיך אָנגעטוען זיינע שווים־קליידער, די הערש־לעדער מיט דעם פאַנצער הוט און איז צוגעגאַנגען צום אַריינגאַנג פון דעם שיפל. נאָך עטלעכע קלאַפּ אויף דעם פאַרשרויפטן דעק פונעם שיף האָט ער פאַרשטאַנען אַז זיי געפינען זיך אויף דער טרוקעניש. ער איז געווען זיכער אַז דער ים האָט זיי ערגעץ פאַרוואָרפן אויף אַ מדבר נעבן ים. מיט אַ געלאַסנקייט שרויפט ער אַראָפּ דעם דעקל פון דעם שיף, און ווען ער האָט געזען אַז דאָס וואַסער שטאָרעמט נישט אַריין אינעם שיף האָט אַרויס געשטעקט דעם קאָפּ פונעם שיף. אָבער ווי אַנטוישט און דער שראָקן איז ער געבליבן אַז ער האָט דערזען פאַר זיינע אויגן טויזנטער ריזן און נישט ווייט פון אים שטייט דער מלך אַליין מיט זיין גרויסער קרוין אויפן קאָפּ. אויך די פעסטע בני־ענק

זענען אַ ביסל איבעראַשט געבליבן ווען זיי האָבן דערזען ווי אַ מענטש־פליג (אַזוי האָבן די ריזן גערופן די סתם מענטשן) קריכט אַרויס פון רוקן פון דעם אינטערעסאַנטן פיש.

נאָך עטלעכע מינוט וואָס דער יהודי איז געשטאַנען אַזוי דערציטערט האָט ער זיך געשטאַרקט מיט אַלע זיינע קרעפטן, ער האָט געוווּסט דאָס זיין לעבן איז פאַרלוירן אויב ער' וועט זיך איצט נישט שטאַרקן. קודם האָט ער געגעבן אַ זאָג צו די מאַטראָזן וואָס זענען געווען אונטן אין שיפל, מיר געפינען זיך אין די הענט פון די ריזן! געדענקט וואָס איך האָב אייך אָנגעזאָגט! איר זענט שטים־טויבע מענטשן. דאַן גיט ער אַ שפרינג אַרויס פונעם שיפל, און גייט צו מיט אַ פעסטקייט צו דעם מלך בני־ענק און מיט אַ שמייכל אויף זיין פנים שטרעקט ער אים די האַנט און זאָגט אים מיט אַ הויכן קול שלום־אדוני־המלך! איך בין געקומען צו דיר מיט אַ וויכטיק שליחות וואָס איך בין זיכער אַז דו וועסט האָבן דערפון גאָר אַ גרויס פאַרגעניגן. דער אַלטער ריזן־מלך האָט אים נישט צוריק געשטרעקט די האַנט, נאָר ער האָט אים געפרעגט מיט אַ שטרענג קול, פון וועמען האָסטו גאָר אַ שליחות צו מיר?

— פון דער בת־המלכה וואָס די קייט געהער צו איר — האָט דער יהודי געענטפערט און דערביי אַרויסגענומען די גרויסע האַלדז־באַנד וואָס דער מיטלסטער בן־המלך האָט איר געגעבן. ווי דער מיטלסטער זון וואָס איז דאָרט געשטאַנען צווישן זיינע צוויי ברודער האָט דערזען די קייט און ער האָט דערהערט די ווערטער פון דעם יהודי, האָט ער שיעור געחלשט. ער האָט נישט געקוקט אויף די נימוסי־המלוכה דאָס מ׳טאָר נישט אַריין רעדן ווען דער מלך האַלט אין מיטן שמועס, נאָר מיט גרויס איבעראַשונג האָט ער אויסגעשריגן, פון מיין כלה האָסטו אַ שליחות? זי לעבט נאָך?

— יאָ! יאָ! זי לעבט — ענטפערט דער יהודי.

— און ווו געפינט זי זיך? — פרעגט ווייטער דער בן־המלך אַן איבעראַשטער.

— ממש ביים גרונט פונעם ים — ענטפערט ווידער דער יהודי.

— דאָ מישט זיך אַריין מיט גרויס כעס דער ריזן־מלך אַליין און זאָגט צו דעם יהודי, דו פליגעלע, אַ ביטערן טויט וועסטו האָבן דערפאַר וואָס דו ביסט געקומען פאַרביטערן נאָך מער מיין זונס לעבן. נישט גענוג וואָס זיין לעבן איז קיין לעבן צוליב דעם אומגליק וואָס האָט געטראָפן אַז זי איז דערטרונקען געוואָרן, קומסטו אים נאָך אויפפרישן די ווייטאָק!

— חלילה אדוני־המלך! — ענטפערט אים דער יהודי — חלילה צו טראַכטן אַז איך וועל רעדן זאַכן וואָס זענען נישט ריכטיק קעגן די אויגן פון אַזאַ גרויסן מלך ווי דו ביסט.

— זאָג מיר שנעל וואָס דאָס הייסט — זאָגט ווייטער דער מלך מיט גרויס כעס — אַז דו האָסט געזען די בת־המלכה ביים גרונט פונעם ים!

— איך בין אַ ים־פאָרשער — הויבט אָן דער יהודי צו דערציילן דעם מלך, און אַלע טויזנטער ריזן קוקן מיט אָפענע מיילער — דאָס הייסט אַז איך לאָז זיך אַרונטער אונטער די אָפּגרונטן פון ים. איך האָב צו דעם אָט די דאָזיקע ספּעציעלע קליידער וואָס דו זעסט מיך אין זיי אָנגעקליידעט. מיט זיי קאָן איך שווימען אונטער די וואַסערן. ביים גרונט פון ים געפינען זיך הונדערטער שיפן וואָס ליגן שוין דאָרט טויזנטער יאָרן, און נאָך אַנדערע הונדערטער אינטערעסאַנטע זאַכן וואָס אַמענטשנס פאַרשטאַנד קאָן זיך דאָס גאָרנישט פאָרשטעלן. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק בין איך פאַרקראָכן אין די מרחקים פון דעם תהום ביז איך בין אָנגעקומען צו איין אָרט וואָס איז שענער

ווי אַלע חצרות־מלכים וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט. דער גרונט פונעם ים האָט געבלישטשעט פון אַלע זייטן. איך בלייב שטיין אַ פאַרוווּנדערטער, און קוק זיך אַזוי איין אין די שיינע אָבנים־טובות, פלוצים גיט מיך אַ כאַפּ אַ האַנט ביים האַלדז, איך דריי זיך אום זע איך אַ שרעקלעכע זאַך, אַ מענטש וואָס איז נישט קלענער פון איך, מיט גאָר לאַנגע האָר, און פון דער אונטערשטער העלפט איז ער אַ גרויסער וואַל־פיש, האַלט מיך ביים האַלדז. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן. דער האַלבער מענטש און האַלבער פיש קוקט מיך אָן מיט אַ פּאָר בייזע אויגן און פרעגט מיך ווי וואַגט זיך אַ טרוקעניש־מענטש אַהער צו קומען. ער נעמט אַריין מיין קאָפּ אין זיין גרויסער האַנט אַז איך בין שיעור דערשטיקט געוואָרן. בערך אַ שעה איז ער מיט מיר געשוווּמען, מחמת מיין קאָפּ איז געלעגן צווישן זיינע הענט און ווייל ער איז גאָר שנעל געשוווּמען האָב איך נישט געקענט זען וואָס עס טוט זיך אַרום מיר, נאָר דאָס האָב איך אַלץ געפילט ווי בליצן לייכטן מיר אַריין אין די אויגן.

אין אַ שעה אַרום בין איך געשטאַנען פאַר אַ פיש וואָס איך בין נישט אומשטאַנד אויסצומאָלן זיין געשטאַלט. דער פיש־מענטש וואָס האָט מיך אַהין געבראַכט זאָגט מיר דו שטייסט דאָ איצט פאַר אַ משפט פאַר דעם גרויסן „לוויתן” אַליין, זיין מעכטיקייט איז דיר געוויס באַקאַנט, דאָס אויב ער זאָל געבן אַ שטאַרקן טרייסל מיט זיין עק, וואַרפט ער צוזאַמען די גאַנצע וועלט.

דער גרויסער פיש גיט אַ דריי מיטן מויל, און דער פיש־מענטש וואָס האָט מיך צו אים געבראַכט זאָגט מיר אַז דער מאַיעסטעט פרעגט, צו וואָס איך בין געקומען אין דער געגנט ווו קיין ילוד־אשה האָט זיך נאָך נישט געוואַגט אַ פוס צו שטעלן,

און וויאַזוי עס איז מיר געלונגען אַרומצוקריכן אונטער די וואַסערן.

איך האָב אים אַלעס פּינקטלעך דערציילט אַז מיט די חכמה וואָס השי״ת האָט מיר געגעבן האָב איך ערפונדן אַ הוט מיט אַ הערש לעדער און אויב מען טוט זיך דאָס אָן אויפן קאָפּ קען מען זיין אונטער דעם וואַסער גאָר אַ לאַנגע צייט. דערצו האָב איך צוויי לאָגלען איינס מיט לופט און איינס מיט ערנערונג, דער ערנערונג לאָגל באַשטייט פון סענץ פון דעם עסן, ווייל אין יעדן עסן וואָס דער מענטש עסט שפּייזט זיך נאָר דער גוף פון גאַנץ אַ קליינעם מאָס וואָס דער מאָגן נעמט אַרויס פונעם עסן, און איך האָב ערפונדן וויאַזוי אַרויסצונעמען די פּאָר גראַם אַליין. דעריבער קאָן איך פון אַ לאָגל סענץ־עסן לעבן אַ לאַנגע צייט. ווען איך האָב געענדיקט מיינע ווערטער — דערציילט ווייטער דער יהודי דעם ריזן־מלך — גיט ווידער דער לוויתן אַ דריי מיטן מויל, און מיך פיש־מענטש ערקלערט מיר ווידער וואָס ער האָט געזאָגט.

אַזוי ווי עס געפינט זיך דאָ אונטער די פּאַלאַצן פון לוויתן אין אַ הייל אַ בת־מלכה פון די טרוקעניש־מענטשן — זאָגט מיר דער פיש־מעניש — און זי מוז זיין אַ גאַנצע צייט אין יענער הייל ווייל דאָ אין די קעניגלעכע פּאַלאַצן וואָס זענען פול מיט וואַסער קאָן זי נישט זיין. דעריבער — פאַרלאַנגט פון דיר דער מאַיעסטעט אַז דו זאָלסט איר אויך מאַכן אַזאַ סאָרט הוט וואָס מיט אים וועט זי קאָנען קומען דאָ אין די חצרות־מלכים צווישן וואַסער. און אויב דו וועסט דאָס מאַכן, ביסטו אַ באַפרייטער, אויב נישט ווערסטו גלייך איינגעשלונגען דורך אַ וואַל־פיש. איך האָב דעם פיש־מענטש גלייך געענטפערט אַז איך וועל איר זייער גערן מאַכן אַזאַ סאָרט הוט, נאָר איך מוז קודם נעמען די מאָס פון איר קאָפּ איך זאָל וויסן ווי גרויס דער הוט דאַרף זיין.

דער לוויתן האָט געגעבן אַ באַפעל און דער פיש־מענטש האָט מיך גענומען, איצט שוין מיט גרויס כבוד און דרך־ארץ, און איז מיט מיר אַוועק געשווומען אַ היפשן מרחק אונטער די מצו־לות־הים ביז ער איז צו געקומען צו אַ גרויסן באַרג. דער באַרג איז געווען איין געוואַלדיקער גרויסער שטיין און ער איז געווען אינגאַנצן אויסגעהוילט פון אינעווייניק. דער פיש־מענטש שווימט מיט מיר אַרונטער אונטער דעם באַרג און גיט זיך אַ הייב אונטער פון וואַסער ביז איך געווען אין די לופטן. ער זאָגט צו מיר דו געפינסט זיך אין דעם טיפסטן אָרט אונטערן ים, דו וועסט דיך געוויס וווּנדערן פאַר וואָס די וואַסערן פון ים שטראָ־מען נישט אַהער אַריין — זאָגט מיר ווייטער דער פיש־מענטש — מיט גרויס דרך־ארץ — דאָס איז דערפאַר ווייל דער באַרג איז פול מיט לופט לאָזט נישט די לופט אַריין דאָס וואַסער. דו קאָנסט דאָס גאָר גרינג זען אויך אויף דער טרוקעניש. נעם אַ ליידיקע כלי, אַ גלעזל אָדער אַן אַנדערע זאַך, און שטעל עס אַריין אין אַן עמער פול מיט וואַסער, ווען דאָס גלעזל איז מיטן מויל פונקט אַראָפּ, נישט געבויגן אין קיין שום זייט, וועסטו זען ווי קיין טראָפּן וואַסער וועט נישט אַריין דערין. אויף דעם זעלבן אופן געפינט זיך דאָ אונטער דעם ים דער גרויסער באַרג פול מיט לופט. איצט האָט מיך דער פיש־מענטש אַריין געשעלט אין אַ הייל ביז איך געגאַנגען אין אַ צווייטע הייל, דאָ בין איך שוין אַליין געגאַנגען, ווייל דער פיש־מענטש קאָן נישט אַרויס פון וואַסער. די אַלע היילן זענען געווען באַלייכט דורך גרויסע טייערע שטיינער וואָס האָבן געלייכט ווי די ליכטיקע זון. נאָכ־דעם וואָס איך בין געגאַנגען פון איין הייל צו דער צווייטער בין איך צוגעקומען צו דער הייל ווו די בת־המלכה האָט זיך געפו־נען. די בת־המלכה האָט נעבעך דאָרט געוויינט מיט ביטערע טרערן. האָב איך איר דערציילט אַז דער לוויתן אַליין האָט מיר

געהייסן אַז איך זאָל איר מאַכן אַזאַ גרויסן פּאַנצער הוט וואָס זי וועט קענען דורך אים אַרויס שווימען אין וואַסער און זי וועט קאָנען זען די אַלע שיינע פּאַלאַצן פון דעם לוויתן. האָט זי מיר געענטפערט דאָס זי וויל גאָרנישט וויסן און וויל גאָר־נישט זען אַ חוץ איר געטרייען חתן דער מיטלסטער זון פון דעם גרויסן מלך פון די בני־ענק, זי פילט דאָס איר בענקשאַפט נאָך אים איז אַזוי גרויס אַז זי וועט דאָס נישט קאָנען אַריבערטראָגן.

ווען דער יהודי האָט מיט אַזאַ ערנסטקייט געזאָגט די ווערטער האָט אָנגעהויבן צו גליען ווי אַ פייער דאָס פּנים פון דעם מיטלסטן בן־המלך און ער האָט אָנגעהויבן צו טאַנצן קעגן אַלע טויזנטער ריזן ווי איינער וואָס איז אַראָפּ פון זינען.

— אַז איך האָב געזען אירע הייסע טרערן — זאָגט ווייטער דער יהודי — האָב איך שטאַרק רחמנות באַקומען אויף איר, און האָב איר געזאָגט אַז איך וועל פּרווון פּוילן ביים לוויתן אפשר וועט ער זי צוריק לאָזן צו איר חתן. איך גיי צוריק די אַלע היילן ביז איך בין אָנגעקומען צו דעם פיש־מענטש וואָס האָט אויף מיר געוואַרט. ווי ער האָט מיך דערזען פרעגט ער מיך, נאָ, האָסטו שוין ערפילט דעם באַפעל פון דעם מאַיעסטעט? איך האָב אים געענטפערט אַז דאָס גייט נישט אַזוי לייכט ווי ער טראַכט, און אַז איך מוז נאָך קודם דורך שמועסן די זאַך מיט דעם לוויתן אַליין.

דער פיש־מענטש פירט מיך גלייך צוריק צו דעם לוויתן. ווי איך בין געשטאַנען פאַרן לוויתן זאָג איך אים: גרויסער מאַיעס־טעט, מיטן פולן ווילן וואָלט איך ערפילט דיין באַפעל, נאָר לויט ווי איך האָב געזען די בת־המלכה איז זי צו שוואַך דערצו אַז זי זאָל קענען פאַרטראָגן די געפּרעסטע לופט וואָס מ׳דאַרף שעפּן אונטער דעם פּאַנצער הוט.

— כאָטש עס נויטיקט זיך מיר נישט קיין מענטשן — ענט־

פערט מיר דער לוויתן — ווייל איך האָב דאָ טויזנטער פיש־מענטשן, פון דעסטוועגן זענען פאַראַן עטלעכע זאַכן וואָס איך וואָלט געדאַרפט האָבן צו זיי אַ טרוקעניש־מענטש. דעריבער אויב דער פאָטער פון דער בת־המלכה וועט מיר אָנשטאָט איר שיקן עפּעס אַ געזונטן שטאַרקן מענטש וועל איך אים צוריק שיקן זיין טאָכטער. איך האָב געזאָגט דעם לוויתן אַז איך טראַכט אַז איר פאָטער וועט געוויס שיקן אפילו עטלעכע מענטשן, נאָר איך וויל קודם נעמען עפּעס אַ סימן פון דער בת־המלכה׳ס הענט דאָס איך זאָל איבערגעבן צו אירע עלטערן אַ צייכן פון איר לעבן. ווייל קיינער וועט דאָך מיר נישט גלויבן דאָס זי לעבט נאָך, נאָכדעם וואָס עס איז אַריבער אַזאַ לאַנגע צייט פון ווען זי איז דערטרונקען געוואָרן. דער לוויתן האָט ווידער געגעבן אַ באַפעל און מ׳האָט מיך ווידער געפירט צו דער בת־המלכה. איך האָב איר דערציילט די גאַנצע מעשה. אָבער, אָנשטאָט זי זאָל זיך פרייען האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען, זי וויל נישט אַ היים, זי וויל צו איר קלוגן ריזן חתן (דער מיטלסטער בן־המלך האָט געטאַנצט פון הנאָה און שמחה ווען ער האָט געהערט די ווערטער). זאָל זיין צום חתן, האָב איך איר געזאָגט. אָבער גיב מיר עפּעס אַ לעבנס־צייכן דאָס דיין חתן זאָל מיר גלייבן אַז נאָך אַזאַ לאַנגער צייט וואָס דו ביסט דערטרונקען געוואָרן לעבסטו נאָך. זי האָט געגעבן אַ צי אַראָפּ פון איר האַלדז אָט די גרויסע קייט און האָט עס מיר געגעבן, דערביי האָט זי מיך מיט טרערן אין די אויגן געבעטן אַז איך זאָל שטאַרק אַכטונג געבן דערויף ווייל דאָס האָט זי באַקומען פון איר געטרייען חתן אין דעם טאָג ווען עס האָט געדאַרפט זיין איר חתונה, דעריבער איז דאָס ביי איר טייערער ווי דאָס לעבן.

אויך האָט זי געגעבן אַ סימן, דאָס איך זאָל דערמאָנען דעם חתן אַז ער האָט איר בסוד געראָטעוועט דאָס לעבן מיט דעם

וואָס ער האָט איר געזאָגט זי זאָל נישט בעטן ביים מלך ער זאָל נישט שחטן די מענטשן־קרבנות. דאָן בין איך צוריק צו דעם פיש־מענטש און אים געהייסן ער זאָל מיך צוריק פירן צום לוויתן, איך האָב דעם לוויתן דערציילט אַז די בת־המלכה וויל נאָר גיין צו איר חתן פון די בני־ענק, האָט ער אַ גרויסע הנאה געהאַט דערפון און ער האָט מיר געזאָגט, אַהין, צו דעם מלך פון די בני־ענק שיק איך זי מיטן גאַנצן האָרץ, ווייל זיי דינען צו מיר, און צוליב דעם האָב איך געשיקט מיין גרויסן וואַל־פיש ער זאָל די בת־המלכה ראַטעווען, גלייך ווי זי איז אַריין געפאַלן אין ים. איך זאָג צו דעם לוויתן, אדוני־המלך אָבער אפשר ווערן מיר די בני־ענק נישט גלייבן אַז איך קום אין דיין שליחות, ענטפערט מיר דער לוויתן, זאָרג דיך נישט, און ער גיט גלייך אַ באַפעל צו דעם פיש־מענטש אַז ער זאָל ברענגען אַ קעניגלעכן בויגן פאַרמעט. אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער פיש־מענטש צוריק געקומען מיט אַ בויגן פון ריין גאָלד, דער לוויתן האָט ווייטער געשאָקלט מיטן מויל און דער פיש־מענטש האָט אָנגעהויבן מיט זיינע לאַנגע נעגל וואָס זענען שטאַרק ווי אייזן אויסצוקריצן אויף דעם גאָלדענעם בויגן אַ בריף וואָס דער לוויתן האָט אים פאַרגעזאָגט. ביים סוף האָט דער לוויתן ווידער געשאָקלט עפּעס מיטן גרויסן מויל, און דער פיש־מענטש האָט גענומען דעם בריוו און האָט אים אַריין געדוקט אין מויל פון דעם לוויתן מיט אַ גרינגן קריץ מיט זיינע שאַרפע ציין האָט ער געחתמעט אַקינסטלעכע חתימה. איצט האָט מיך דער פיש־מענטש צוריק געפירט אין דער הייל, און לויט דעם באַפעל פון לוויתן האָט ער מיר געגעבן דאָס פיש־שיפל וואָס פאָרט אונטערן וואַסער און מיט דעם שיפל בין איך אַרויפגע־פאָרן. ער האָט מיר מיטגעגעבן עטלעכע עבדים זיינע וואָס ער האָט זיי נאָך אַלץ קינד געכאַפּט, ווען שיפן מיט מענטשן זענען

אונטערגעזונקען אונטער די מצולות־הים. די מענטשן קאָנען נישט רעדן און הערן נישט, זיי ווייסן נאָר וויאַזוי צו טרייבן דאָס לוויתן־שיפל.

כג.

ווי דער יהודי האָט געענדיקט זיין געשיכטע האָט ער אַרויס־גענומען די גאָלדענע פושקע וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט, און האָט זי דערלאַנגט דעם מלך פון די בני־ענק. דער מלך האָט געעפנט די פושקע און מיט גרויס הנאה האָט ער אַרויסגענומען פון איר דעם גאָלדענעם בריף וואָס דער לוויתן האָט געלאָזט צו אים שרייבן, נאָר אַזוי ווי דער מלך פון די בני־ענק האָט דאָך נישט געקאָנט שרייבן און לעזן אפילו אויף די פאַרשידענע שפּראַך פון די בני־ענק, האָט ער געגעבן אַ באַפעל מ'זאָל גלייך ברענגען זיין שרייבער. דערווייל ביז ווען דער קעניגלעכער שרייבער איז געקומען האָט זיך דער מלך געשפיגלט אין דעם גלאַנצנדיקן גאָלדענעם בריף וואָס איז געווען געגאָסן אין אַ געשטאַלט פון אַ פיש, און פון אַלע זייטן האָט פון אים געבליש־טשעט די טייערע אבנים־טובות. די ריזן האָבן געזאָגט איינער צום צווייטן אַזאַ בריף געפינט זיך נישט ביי די בני־אדם אויף דער טרוקעניש, עס איז קלאָר אַז דאָס קומט פון דעם גרויסן לוויתן. דערווייל איז שוין געשטאַנען דער קעניגלעכער שריי־בער פאַר דעם מלך פון די בני־ענק און געוואַרט מיט גרויס ציטערניש דאָס דער מלך זאָל אים געבן דעם גאָלדענעם בריף פאַרצולייענען, ער האָט זיך שטאַרק געשראָקן טאָמער וועט ער נישט קאָנען לייענען די שריפט פון לוויתן, וועט ער גלייך גע־הרגעט ווערן. אָבער ווי ער האָט נאָר גענומען דעם בריף אין די הענט איז זיין פחד אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן, ביים דעם ערשטן בליק האָט ער געזען אַז די שריפט איז גאָר אַ שיינע און אַ קלאָרע.

מיט א שנעלקייט און מיט אַ הויכע שטימע האָט ער פאָרגעלייענט דעם בריף. דער יהודי איז געשטאַנען און האָט געשאָקלט מיט די ליפּן, ער האָט געבעטן דאָס השי״ת זאָל אים מצליח זיין דאָס ער זאָל קאָנען ראַטעווען די בת־המלכה און אַלע יהודים וואָס וואַרטן אויפן טויט אין די קרבנות־קאַמערן פון די בני־ענק, ער האָט געבעטן אין זכות פון זיין ערלעכן פאָטער, און אין זכות פון דער ברכה פון דעם הייליקן רבי יצחק דמן עכו. דערווייל האָט דער קעניגלעכער שרייבער פאָרגעלייענט מיט גרויס שטאָלץ דעם בריף פון לוויתן, און כדי צו ווייזן ווי גוט ער קאָן לייענען האָט ער יעדעס וואָרט אַזוי ווי איינגעטייטשט מיטן ניגון. אין בריף איז געווען געשריבן די פאָלגנדע ווערטער.

צו מיין גרויסן ידיד וואָס דינט צו מיר מיטן גאַנצן האַרץ, דער גרויסער מעכטיקער מלך פון די שטאַרקסטע מענטשן אויף דער וועלט. דער מלך פון די בני־ענק.

שלום וברכה!

דער טרוקעניש־מענטש וואָס וועט ברענגען צו דיר דעם בריף וועט דיר שוין געענוי דערציילן דאָס ער האָט מיט זיינע אויגן געזען די בת־המלכה וואָס איך האָב צו־ליב מיין גרויסע ליבשאַפט צו אייך געראַטעוועט.

איך פאַרלאַנג פון אייך דאָס איר זאָלט אים איבער־געבן די אַלע מענטשן וואָס ער וועט פאָדערן, און ווען ער וועט זיי ברענגען צו מיר וועל איך אייך צוריקשיקן די בת־המלכה.

איך בעט מ׳אָל זיך נוהג־כבוד זיין אין מיין חשובן שליח וואָס וועט ברענגען דאָס בריוועלע צו אייך.

מיט האָפענונג דאָס איר וועט אַלעס געטרי ערפילן
חתמע איך.

„לוויתן"
מלך־הימים
(געחתמעט אַ פּאַרעם פון אַ וואַל־פיש)

ווי דער קעניגלעכער שרייבער האָט געענדיקט פאַרצולעזן דעם בריף איז אויף אַלע ריזן געפאַלן אַ פחד און אַ מורא פאַר דעם יהודי. שוין טויזנטער יאָרן וואָס זיי דינען צום לוויתן. נאָך זייט דער לוויתן האָט געראַטעוועט זייער זיידע עוג מלך הבשן פון דעם שרעקלעכן מבול וואָס עס איז געקומען אויף דער וועלט, און איבער דער גאַנצער צייט איז נאָך נישט פאַרגעקומען דאָס דער לוויתן זאָל שיקן אַ שליח. איצט אַז דער לוויתן האָט אַליין געשיקט דעם שליח איז אויף אַלע ריזן געפאַלן אַ טויט שרעק. זיי האָבן זיך נאָר געשראָקן אַז זיי זאָלן זיך חלילה נישט פאַרזינדיקן קעגן אים ווייל אויב ער וועט נאָר עפּעס שלעכץ זאָגן אויף זיי צו דעם לוויתן זענען זיי אַלע פאַרלוירענע. דער לוויתן וועט זיך אויפרעגן און ער וועט געבן חלילה אַ דריי מיטן וויידל.

דער מלך פון די בני־ענק האָט געגעבן אַ באַפעל אַז מ'זאָל לאָזן דעם גרויסן שליח (דאָס מענטש־פליגעלע...) אַרומגיין ווו ער וויל, און דער מיטלסטער בן־המלך וואָס האָט זיך געפילט פאַר דעם גרעסטן מחותן איז מיט געגאַנגען מיט אים. ווי גלייך ער וואָלט געווען זיין עבד.

— דאָס ערשטע — האָט געזאָגט דער יהודי ווען ער האָט געזען וואָס פאַראַ שטאַרקן רושם דאָס בריוועלע האָט געמאַכט — דאָס ערשטע וויל איך זיך אומקוקן אין די קרבנות־קאַמערן.
מיט אַ שנעלקייט האָט דער מיטלסטער זון געגעבן אַ נעם דעם יהודי אין די הענט ווי אַ קליין קינד און איז מיט אים געלאָפן

ביז צו די קרבנות־קאַמערן. פון איין קאַמער צו דער צווייטער איז דער יהודי געגאַנגען, און לעבן אים דער בן־המלך מיט גרויס הכנעה ווי אַן עבד פאַר זיין הער. דער יהודי האָט יעדן קרבן געקוקט אין פּנים, אָבער צווישן אַלע קרבנות געפינט ער נישט די בת־המלכה. ער האָט שוין אָנגעהויבן אַביסל דער־שראָקן צו ווערן אפשר איז זיין גאַנצע טרחה געווען בחינם, אפשר איז זי שוין געשחטן געוואָרן צום ים. אָבער גלייך דערמאָנט ער זיך אַז רבי יצחק האָט דאָס דאָך אים גע־זאָגט, אַז ער וועט זי געפינען וועט געוויס נישט אַנדערש זיין. ער גייט נאָכאַמאָל אַריבער די אַלע קאַמערן. איצט האָט ער שוין מיט יעדן קרבן גערעדט עטלעכע ווערטער. ער האָט יעדן געפרעגט פון וואַנען ער איז און ווער ער איז, אַזוי אַרום האָט ער זיך דערוווּסט ווער עס איז אַ יהודי. ביים סוף איז ער ווידער געקומען אין די קאַמער וווּ עס האָבן זיך געפונען די פרויען. ווי ער פרעגט אַן אַלטע פרוי ווער זי איז און פון וואַנען זי איז, זעט ער ווי עפּעס אַ צווייטע פרוי וועלכע איז פריער גע־לעגן אין אַ ווינקל און ער האָט זי אפילו נישט באַמערקט שפּרינגט אונטער, און קומט צו, ער פרעגט זי אויך, ווער זי איז ענטפערט זי אני — „יהודית“.

כאָטש דער יהודי האָט איצט געהאַט אַ געלעגנהייט אַרומצו־גיין אין גאַנצן ריזן־אינזל, אַ זאַך וואָס קיין שום מענטשן פון אונזערע מענטשן האָט נאָך נישט די זכיה געהאַט זייט די ריזן האָבן זיך דאָרט באַזעצט, פון דעסטוועגן איז דער יהודי נישט געגאַנגען אויף קיין שום אָרט, ווייל ער האָט זיך געמוזט צו אײַלן כדי ער זאָל קאָנען אָנקומען קיין מדינת־אופיר אין דער באַשטימטער צייט. דער יהודי זאָגט דעם בן־המלך, די פיר מענטשן וויל איך טראָגן צום לוויתן, די אַלטיטשקע, זאָגט ער, ווייזנדיק אויף דער יהודית, איז אַ גוטע קעכן, וועט זי קאָכן

דעם לוויתן געשמאַקע קאַשעס. גלייך ווי דער יהודי האָט נאָר אַרויסגעזאָגט האָט שוין דער בן־המלך גענומען די פיר מענטשן, דריי יהודים, מיט דער יהודית, און מ׳האָט זיי אַריין געפירט אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ.

— איך וואָלט גערן — זאָגט דער יהודי צו דעם מלך — אַ ביסל אויסגעקוקט דאָס שיינע אינזל איך זאָל קאָנען דעם גרויסן לוויתן איבערגעבן אַ גרוס פון אַלסדינג, נאָר אַזוי ווי אויף דער בת־המלכה וואָס וואַרט דאָרט אין די טיפעניש אונטערן תהום איז אַ גרויס רחמנות, דעריבער וועל איך איצט גלייך פאָרן איר נעמען און ווען איך וועל צוריק קומען אין עטלעכע חדשים אַרום וועל איך זיך שוין אומקוקן אומעטום. דער יהודי הייסט פאַר די פיר יהודים וואָס ער האָט דאָ גענומען זיי זאָלן אַריין גיין אין דעם פיש־שיפל, דערנאָך הייסט ער אַז דער מלך זאָל געבן אַ באַפעל אַז די ריזן זאָלן דאָס שיפל צוריקפירן צום ים. די בני־המלך אַליין האָבן צוגלייגט זייערע פלייצעס און מיט גרויס כבוד געפירט דאָס שיפל צום פאָרט. דער אַלטער מלך איז מיטגעגאַנגען. ביים פאָרט האָט ער געגעבן דעם יהודי אַן אַלטן בויערער. ער האָט געזאָגט אַז דאָס שיקט ער אַ מתנה פאַר דעם לוויתן. דער בויערער איז ביי די ריזן די חשובסטע זאַך וואָס קאָן נאָר זיין. דעם בויער האָבן זיי, די מלכים פון די בני־ענק, בירושה פון זייער זיידע עוג מלך הבשן, מיט דעם בויער האָט נח אויסגעבויערט אַ לאָך אין זיין תיבה און ער האָט אַרויסגעגעבן עסן פאַר עוגן און דאַדורך אים דאָס לעבן דערהאַלטן.

ווען דער יהודי איז שוין געזעסן אין שיפל האָט ער געזאָגט דעם מלך איך מוז דיר זאָגן אַז דער לוויתן איז שטאַרק בייז פאַר וואָס איר זענט מקריב צו אים קרבנות פון די זינדיקע פליגן־מענטשן און אויך איז ער שטאַרק בייז פאַר וואָס איר עסט

זיי, ער האָט מיר געזאָגט אַז די פריערדיקע צייטן זענען די ריזן געווען פיל העכער און שטאַרקער, און דאַדורך וואָס איר עסט די שוואַכע פליגן־מענטשלעך ווערט איר אַלץ שוואַכער און שוואַכער און ביים סוף מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער וועט פון אייך אַליין ווערן פליגן־מענטשן. אויב איך וועל אים קאָנען איבערגעבן אַז דו האָסט געגעבן אַ געזעץ אַז קיינער טאָר נישט עסן קיין מענטשן־פלייש, און די אַלע פליגן־מענטשן וואָס געפינען זיך ביי דיר וועסטו נעמען שיפן און זיי אַוועקפירן צו די לענדער פון די פליגן־מענטשן און זיי דאָרט אַוועקוואַרפן אויפן פאָרט, וועט געוויס דער לוויתן האָבן אַ גרויסע הנאה און וועט אייך שענקען אַ לאַנג לעבן.

— וואָס דען וועלן מיר מקריב זיין קרבנות פאַר אים? פרעגט דער אַלטער ריזן מלך.

— קיין שוואַכע פליגן נישט! — ענטפערט דער יהודי, און זאָגט ווייטער — די ערשטע צייט זאָלט איר נעמען די שטאַרקע העלדן די גזלנים וואָס ברענגען צו אייך די פליגן, זיי אַליין זענען חשובע קרבנות, און דערנאָך ווען עס וועלן שוין נישט זיין פון די גזלנים זאָלט איר נעמען שטאַרקע בערן און גרויסע לייבן, אייך לייב איז שטאַרקער פון הונדערטער פליגן־מענטשן.

— דער אַלטער מלך גיט אַ געשריי אויס, דעם תיליקן ווילן פון דעם מעכטיקן לוויתן טו איך גלייך ערפילן, מער זאָל אין מיין לאַנד זיך נישט געפונען קיין איינער פון די זינדיקע פליגן־מענטשן. אַלע זאָלן ביז דריי טעג אויפגעלאָדן ווערן אויף שיפן און צו געשיקט ווערן אין די נאָענטע מדינות פון די פליגן. קיין שום ריז טאָר זיך מער נישט צורירן צו די זינדיקע פליגן־מענטשן, נישט עסן זיי און נישט האַנדלען מיט זיי. דו קאָנסט גאַנץ רואיק איבערגעבן דעם גרויסן לוויתן אַז מיין באַפעל וועט

געגוי און פינקטלעך דורכגעפירט ווערן, האָט דער ריזן מלך געזאָגט דעם יהודי.

— איך בין זיכער — רופט אויס דער יהודי מיט אַ שטאַר־קער שטימע — אַז דער לוויתן וועט אייך פיל גוטס געבן דער־פאַר, און ווען עס וועט דערטרונקען ווערן אַ ריז וועט ער אים געוויס גלייך ראַטעווען און אַריין שטעלן אין זיינע שאַץ־קאַ־מערן.

ווי דער יהודי האָט געענדיקט זיינע ווערטער, האָט ער געהייסן אַז מ׳זאָל זיין שיפל אַריין לייגן אין וואַסער. ווען דאָס שיפל איז שוין געלעגן אויפן ים, האָט ער זיך געזעגנט מיט די טויזנטער ריזן וואָס האָבן געקוקט אויף אים מיט גרויס דרך־ארץ. נאָכדעם ווי ער האָט געווינקען מיט די הענט צו יעדן איז ער אַריין אין שיפל, אַרויפגעשרויפט דאָס דעקל, און די מאַט־ראָזן האָבן זיך גענומען פעסט דרייען די רעדער פון אינעוויי־ניק, מיט אַ גרויסן שטראָם איז דאָס שיפל אַראָפּ אונטער די מצולות־הים. דאָרט האָט דער יהודי דערציילט דער בת־המלכה מיט די מאַטראָזן וואָס ער האָט דאָ געטוען מיט די ריזן, און וויאַזוי עס איז אים געלונגען אין אַזאַ קורצער צייט אַרויסצו־נאַרן די בת־המלכה, זאָגנדיק אַז ער וועט שטאָט איר ברענגען די . . . בת־המלכה.

ווען עס איז ליכטיק געוואָרן האָט זיך שוין נישט געזען קיין זכר פון דעם שיפל. די ריזן זענען נאָך געשטאַנען ביז אין העלן טאָג ביי דעם ים. דאַן זענען זיי זיך צעגאַנגען. אַלעס האָט נאָר געשמועסט פון דער גרויסער זאַך אַז דער לוויתן אַליין האָט געראַטעוועט די בת־המלכה און ער האָט געשיקט אַ שליח צו דעם מלך. די ריזן זענען ביי זייער נאַטור אויך ריזיקע נייגערי־קע מענטשן, זייער אומגעדולד איז גאָר גרויס. דעריבער האָבן

זיי שוין אָנגעהויבן צו ציילן די מינוטן ווען דער שליח פון לוויתן וועט צוריק קומען מיט דער בת־המלכה. ווער שמועסט נאָך פון דעם מיטלסטן זון אַליין. ער האָט גאָר געוואָלט אַוועקשטויסן די צייט וואָס ער האָט זיך אין איר געפינען און צושלעפן יענעם טאָג ווען מ׳וועט אים צוריק ברענגען די בת־המלכה. יעדע מינוט וואָס איז אַריבער זייט דער שליח איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אונטערן ים איז אין זיינע ריזן אויגן געווען ווי אַ יאָר. אַלע טאָג איז ער אַרויס צום ברעג פונעם ים גאַנץ פרי, און איז דאָרט, ביים פאָרט, אָפּגעזעסן ביז אין דער טונקלער נאַכט אַריין, און געקוקט אויף דעם רוישיקן ים. עס האָט צו אים נישט געהאָלפן דאָס פילע געבעט פון זיין מוטער, און די שטרענגע באַפעלן פון זיין פאָטער אַז ער זאָל זיך אָפּלאָזן פון דעם ים, ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם, ער מוז זיין כלה אָפּוואַרטן. וואָכן האָט ער אַזוי אָפּגעגווילעמט ביים פאָרט, ביי יעדן הויכן וואַל וואָס האָט זיך דערהויבן פון ים האָט ער געגעבן אַ געשריי אויס מיט גרויס איבעראַשונג און געוויזן מיטן פינגער ״אָט! אָט! דאָרט קומט זי — — — און ווען דער ים איז צוריק רואיק געוואָרן, האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט און ווייטער געקוקט אויף אים מיט פאַרגלאָצטע אויגן — — —

## כד.

אין מדינת־אופיר האָבן זיך געטוען גאָר גרויסע פאָרבערייטונגען צו דעם באַשטימטן טאָג וואָס דער יהודי האָט געזאָגט אַז ער וועט אין אים צוריק קומען צוזאַמען מיט דער בת־המלכה. דער מלך האָט געוואָלט אַז די בימה אויף וועלכער ער וועט זיין טאָכטער אויפנעמען, און זי וועט אויף איר זיצן דאָס ערשטע מאָל ווען זי וועט נאָך אַזויפיל יאָרן צוריק קומען אין איר היימלאַנד, די בימה זאָל בלייבן שטיין לעולם־ועד. דעריי־

בער האָט ער דורך די בעסטע בוי־מייסטערס פון לאַנד געלאָזט אויפבויען אַ גרויסע און שטאַרקע בימה פון טייערע מאַרמאָר שטיינער, נישט ווייט פון פאָרט. עקסטער האָט מען צוגעגרייט דעם פּאָרט אַזוי אַז צענטליקער טויזנטער מענטשן וואָס וועלן קומען פון גאַנצן לאַנד זאָלן קאָנען זען דעם ים פון וועלכן אָרט זיי וועלן שטיין. ווי מער עס האָט זיך דערנענטערט דער באַש־טימטער טאָג, זענען די הכנות און פּאָרבערייטונגען געוואָרן אַלץ גרעסער און שטאַרקער.

אין דער גאַנצער מדינה זענען אַרומגעפאָרן קעניגלעכע שלי־חים וואָס האָבן אויסגערופן אין מלך'ס נאָמען דאָס וועך עס וועט קומען צו דעם גרויסן קעניגלעכן קבלת־פּנים וואָס דאָס פאָלק גרייט צו פאַר זייער קרוינפּרינצעסין אין דעם טאָג וואָס זי וועט צוריק קומען אין איר היימלאַנד, וועט באַפרייט ווערן פון אַלע שטייערן אַ גאַנץ יאָר. די יונגע יועצים וואָס האָבן גע־פירט דאָס לאַנד אין דער צייט ווען דער יהודי איז נישט געווען, האָבן געזען צו אָרדענען אַז דער קבלת־פּנים זאָל זיין ווי גרע־סער און שענער אויף די מיניסטאָרן וואָס זענען געווען די גרעסטע שונאים פון דעם יהודי האָבן געמאַכט אַלע מיטלען דאָס עס זאָלן קומען וואָס מער מענטשן פון לאַנד צו דעם באַשטימטן טאָג. ווייל זיי האָבן דאָך געוווּסט אַז די גאַנצע מעשה וואָס דער אַלטער גלח אגערנאצי האָט איינגערעדט דעם מלך מיטן פאָלק אַז די בת־המלכה לעבט און זי געפינט זיך ביים לוויתן — איז אַ שקר. זענען זיי דאָך געווען זיכער אַז דער יהודי מיט דער בת־המלכה וועלן נישט צוריק קומען, האָבן זיי געוואָלט אַז עס זאָלן וואָס מער מענטשן זען אַז דער יהודי וואָס יעדער האָט אים געהאַלטן פאַר אַזאַ גרויסן קינסטלער איז טאַ־קע נישט געקומען. די מיניסטאָרן האָבן אויך געהאַט אָפּגע־שמועסט מיט דעם אַלטן גלח וואָס אַלע איינוווינער האָבן אין

אים געגלויבט, דאס ער זאל זאגן וואס דאס איז געשען מיט דעם יהודי.

דער אגערנאצי האט זיך געהאט צוגעגרייט צו זאגן פאר אלע פארזאמלטע מענטשן א לאנגע רעדע. אין זיינע אויגן האט ער זיך שוין פארגעשטעלט ווי ער זאגט מיט גרויס איבערא־שונג די דאזיקע ווערטער:

— גרויסער געערטער מלך! און ליבע בירגער! מיט גרויס הארצווייטאג מוז איך אייך זאגן אז איר וועט שוין מער נישט זען די קרוינפרינצעסין. דער יהודי מיט דעם וואס ער האט זיך געהאלטן אזוי גרויס און אזוי קלוג האט געבראכט אויף זיך און אויף דער בת־המלכה א שרעקלעך אומגליק. נאכדעם וואס ער האט זי שוין געהאט אין די הענט, האט ער געוואלט דעם מעכטיקן לוויתן אליין איינרעדן אז זיין גרויסע מלוכה פירט זיך נישט גוט דורך זיינע מיניסטארן, און אויב דער לוויתן וויל ראטעווען זיין קעניגרייך זאל ער אים איבערגעבן די מאכט אין די הענט וועט ער מאכן אן ארדענונג אונטער די גרויסע ימים.

דער לוויתן איז דאך אבער א יודע־מחשבות, האט ער געזען וואס די געדאנקען פון דעם יהודי ווילן, ער וויל ווערן אויך עפעס א מושל אונטער די ימים. האט ער זיך אויסגעלאכט פון אים. ווי דער יהודי האט דאס געזען האט ער מיט גרויס חוצפה געזאגט דעם גרויסן לוויתן אין די אויגן אויב דו ווילסט נישט אז איך זאל דיר ארדענונג מאכן און דו לאכסט נאך פון מיר, וועט דיר טאקע דיין גאנצע מלוכה חרוב ווערן. און ווי ער האט אפגעזאגט די ווערטער האט ער געגעבן א נעם די בת־המלכה און געוואלט מיט איר אנטלויפן. ווי דער לוויתן האט דאס געזען האט ער געגעבן א ווינק פאר איינעם פון די קליינע פיש וואס שטייען פאר אים, איז דער פיש נאכגעשווימען דעם יהודי און אים געגעבן א קלאפ אויף זיין קאפ מיט זיין עק און

גלייך זענען בײדע, דער יהודי מיט דער בת־המלכה דערטרונ־קען געוואָרן ערגעץ דאָרט אונטער די טיפענישן פון ים.

די מיניסטאָרן זענען געווען זיכער אַז גלייך ווי דער מלך וועט הערן די ערנסטע ווערטער פון דעם גלח, און דאָס וועט ער נאָך זאָגן אין דער צייט ווען ער וועט זיך איבערצייגן אַז די האָפענונג אַז דער יהודי וועט מקיים זיין די הבטחה צוריק צו ברענגען זיין טאָכטער איז געווען אַ פאַלשע, וועט ער געוויס גלייך צוריק געבן די רעגירונג אין זייער האַנט. דעריבער האָבן זיי געוואָלט אַז ווי מער מענטשן זאָלן זיין דערביי ווען מ׳וועט זיי צוריק געבן די מאַכט אין די האַנט.

די פילע מיטלען וואָס אַלע האָבן געמאַכט דאָס עס זאָלן קו־מען וואָס מער מענטשן צו דעם קבלת־פּנים האָבן טאַקע געגעבן דעם ריכטיקן דערפאָלג. טויזנטער מענטשן פונעם גאַנצן לאַנד זענען געקומען צו פאָרן. קודם איז ביי יעדן אין די אויגן גאָר חשוב געווען די בת־המלכה, די קרוינפּרינצעסין, וואָס האָט געדאַרפט זיין די מלכה פונעם לאַנד ווען נישט די ריזן וואָלטן זי צוגענומען. אויך איז געווען יעדן אינטערעסאַנט זי צו זען נאָכדעם וואָס זי איז געווען ביים לויתן אַזאַ לאַנגע צייט (לויט ווי דער אַלטער גלח מיט די מיניסטאָרן האָבן יעדן געזאָגט). דעריבער זענען איצט פילע מענטשן געקומען זען ווען זי קומט אַרויף פונעם לויתן. צווייטנס, האָבן אַלע שטאַרק ליב געהאַט דעם יהודי וואָס האָט זיי אויסגעלייזט פון דעם שווערן יאָך פון די מושלים, האָבן אים אַלע געוואָלט באַגריסן ביי דעם קבלת־פּנים וואָס מ׳גרייט אים צו. דריטנס, האָבן דאָך געוואָלט פיל מענטשן אויסנוצן די געלעגנהייט און פּטור זיין פון די קעניג־לעכע שטייערן אַ יאָר. דעריבער איז געקומען אַזאַ עולם צו דער הויפּטשטאָט, דאָס זייט מדינת אופיר עקזיסטירט זענען אַזוי פיל מענטשן נישט געווען פאַרזאַמלט אין איין אָרט. עטלעכע

טעג פאַר דעם באַשטימטן טאָג האָט זיך שוין נישט אַרויסגעזען אַ שטיקל ערד פון דעם גאַנצן ברעג פון ים. אַלעס איז געווען פאַרדעקט פון מענטשן.

אין דעם באַשטימטן דינסטאָג איז געזען דער מלך אויף אַ בימה וואָס איז געווען געבויעט לויטער אבנים־טובות. אויף דער בימה איז געווען איינגעבויעט פיר שטולן. צוויי פאַרן מלך מיט דער מלכה, און די אַנדערע צוויי זענען געווען צוגעגרייט פאַר דעם יהודי מיט דער בת־המלכה. העכער דעם מלך׳ס בימה, איז געווען גאָר אַ גרויסע בימה אויף איר זענען געזעסן אַלע מיניסטאָרן, און די „יועצים" פון דעם מלך, דאָס איז געווען דער „קאַבינעט" פון דעם יהודי, וואָס האָבן געפירט דאָס לאַנד אין דער צייט וואָס ער איז נישט געווען אין דערהיים. זיי האָבן אויך איצט צוגעגרייט דעם שיינעם קבלת־פנים. בראש פון דער בימה איז געזעסן אויף אַ הויכן שטול דער אַלטער אגערנאצי. אַרום דער בימה און העכער אירע זענען געווען צענטליקער טויזנטער מענטשן.

דער גאַנצער באַרג וואָס איז געווען לעבן פאָרט, איז געווען באַדעקט מיט מענטשן. אַלעס האָט מיט גרויס נייגעריקייט און אומגעדולד געקוקט צו דעם שטילן ים. כאָטש קיינער האָט נישט געגלייבט אין די פילע שמועות וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אַז מ׳האָט געזען דעם דערטרונקענעם קערפער פון דעם יהודי עטלעכע טעג נאָכדעם וואָס ער איז אַריינגעשפרונגען אין ים, האָט זיך אַלץ ביי יעדן טיף אין האַרץ פאַרגנבעט אַ גרויסער ספק צי דער יהודי וועט טאַקע אַרויסקומען פון אונטער די וואַסערן.

ווען עס איז שוין אַריבער עטלעכע מינוט נאָך דער צייט וואָס דער יהודי האָט באַשטימט דאָס ער וועט קומען, זענען אַלע אויגן אַריין געשטעקט געוואָרן אין ים. ביי יעדן טרייסל

וואָס דאָס וואַסער האָט זיך געגעבן, האָבן זיך גֶעגעבן אַ טְרייסל די טויזנטער הערצער. און ביי יעדן וואָל וואָס האָט אַרויס־געטאַנצט פונעם ים, האָבן אַלע מענטשן מיטגעטאַנצט. לאַנגזאַם לאַנגזאַם איז אַריבער אַ גאַנצע שעה. אין די אויגן פון די אומ־געדולדיקע מענטשן האָט דאָס אויסגעזען ווי אַ צייט אָן אַ סוף. דער ים ווערט רואיק, אפילו די ווילדע וואַלן פון ים זענען שוין מיד געווען אַזויפיל אַרומטאַנצנדיק איבער וואַסער. אַלעס איז געווען שטיל ווי גלייך עס וואָלט געשלאָפן אין אַ טיפן שלאָף. דער ספק ביי די מענטשן ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אין זייער הארץ. דאָס פנים פון די מיניסטאָרן לייכט פון פרייד, איין מיניסטער ווינקט עפּעס דעם משנה, דערביי וויזט ער מיטן פינגער אויף דעם אַלטן אגערנאצי. דער משנה ווינקט אים צוריק מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט, עס איז נאָך צייט... דער מלך מיט דער מלכה הייבן אָן צו ציטערן פון שרעק און זייער דאַר פנים ווערט טויט בלאַס. אַרום און אַרום איז שאַ שטיל.

פּלוצים קוקן אַלע אויגן אויף איין אָרט. עפּעס אויף אַ פּינ־טעלע אין מיטן ים. פון דעם פּינטעלע האָט אָנגעהויבן אַרויס צו קומען אַ שוים אויפן ים, דער ים איז געוואָרן אַלץ שוימיקער און שוימיקער, און ווי עס וואָלט זיך געצויגן אַ לאַנגער פּאַס אויפן וואַסער, האָט זיך געזען פון דערווייטנס. דער פּאַס האָט זיך געצויגן אַלץ נענטער צום פּאָרט — די הערצער ביי די פאַרזאַמלטע מענטשן האָבן זיך שיעור אַרויסגעריסן — ווען דער פּאַס איז שוין געווען נישט ווייט פונעם פּאָרט איז אויף־איינמאָל אַרויף אויפן וואַסער אַ גרויסער אייזערנער פיש. די טויזנטער מענטשן זענען געבליבן אָן אָטעם. כאָטש וואָס אַלע האָבן דאָך געוווּסט אַז דאָס איז געווים עפּעס אַ קינסטלעכער וווּנדער פון דעם יהודי, און אַז ער געפינט זיך אין דעם דאָזיקן

פיש. פונדעסטוועגן האָט ביי יעדן געקלאַפּט דאָס האַרץ גאָר שטאַרק, די אויגן האָבן שוין געוואָלט זען וואָס די געדאַנקען האָבן זיך פאָרגעשטעלט. איבערהויפּט האָט זיך ביי אַלעמען געשטעלט די פראַגע צי האָט טאַקע דער יהודי געבראַכט די בת־המלכה וואָס איז שוין אַזאַ לאַנגע צייט אונטערן וואַסער? דערווייל איז שוין דער אייזערנער פיש צוגעקומען ביז צום פּאָרט. און עפּעס אַ רונדע זאַך אויף אים האָט זיך גענומען דרייען. נאָכדעם וואָס עס האָט זיך אַ ביסל געדרייט ווערט עס אונטערגעהויבן און אין אַ זייט גערוקט. די איבעראַשונג ביי די מענטשן איז גאָר גרויס און דאָס נייגעריקייט איז אין העכסטן מאָס וואָס קאָן נאָר זיין.

אָנגעטוען אין בגדי־מלכות און מיט אַ ליבליכן שמייכל אויף די ליפּן מיט אַ פּאָר גלאַנצנדיקע אויגן פון פריידן האָט זיך גע־ געבן אויפאיינמאָל אַ הייב אַרויס פון דעם פיש דער יהודי. גלייך נאָך אים קומט אַרויס אָנגעטוען אין קעניגלעכע קליידער די בת־המלכה, וואָס יעדער האָט זי גלייך דערקאָנט, כאָטש עס איז שוין אַריבער עטלעכע יאָר זייט מ׳האָט זי געזען.

וואָס עס האָט זיך דאָרט געטוען ווען די צענטליקער טויזנ־ טער מענטשן האָבן פאַר זייערע אויגן דערזען דעם באַליבטן יהודי מיט דער בת־המלכה זייער קרוין־פּרינצעסין וועלכע איז שוין אַזאַ לאַנגע צייט געווען גערעכנט פאַר אַ דערטרונקענע, איז קיין מענטשלעכע האַנט נישט אימשטאַנד צו באַשרייבן. מיילן מיילן ווייט האָט זיך געהערט די שרייערייען וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון די מענגעס מענטשן „זאָל לעבן דער יועץ פון דעם מלך״, „זאָל לעבן דער רעטער פון דער בת־המלכה״, „זאָל לעבן דער רעטער פון דעם לאַנד״, זאָל לעבן דער חתן־ המלך״ זאָל לעבן... זאָל לעבן... האָט זיך געהערט פון די צוראַשטע מענטשן.

מיט אַ פריילעך פנים האָט דער יהודי באַגריסט די אַלע טויזנטער מענטשן. צו יעדן האָט ער געקוקט און געשמייכלט, און מיט זיין האַנט האָט ער אויף אַלע זייטן געוויזן אַ „שלום־עליכם". אָבער אין דער גרויסער מינוט האָט דער יהודי נישט פאַרגעסן אָפּצוגעבן אַ דאַנק פאַר זיין אמת׳ן רעטער, קעגן די אַלע מענגעס מענטשן וואָס זענען געקומען צו דעם קבלת־פנים, האָט ער אַרויפגעשטעלט זיין האַנט אויף זיינע אויגן און מיט אַ צעבראָכן האַרץ אָפּגעגעבן אַ שבח־והודיה פאַר השי״ת וועגן די פילע נסים וואָס ער האָט מיט אים געטוען. אַלעס איז שטיל געוואָרן ווען מ׳האָט געזען דאָס דער יהודי געפינט זיך איצט אין אַן ערנסטער מינוט. דאַן איז דער יהודי צוגעגאַנגען צו דעם שיפל און ער האָט געהייסן די דריי יהודים מיט די מאַטראָזן זיי זאָלן אַרויסקומען און מיט גיין מיט אים. דערווייל זענען צו געקומען די קעניגלעכע וואַך און האָבן זיך געבוקט פאַר דעם יהודי און מיט אַ הויכן איבעראַשטן קול געשווירן קעגן אַלע פאַרזאַמלטע מענטשן, דאָס זיי וועלן זיין טריי מיטן לעבן פאַר דעם חתן־המלך, און פון היינט אָן אים שטענדיק היטן. דער יהודי האָט געהייסן מ׳זאָל די מענטשן פון שיפל אַרויפפירן אויף דער בימה לעבן די מיניסטאָרן. איצט האָט ער זיך גענומען מיט שנעלע טריט גיין צו דער קעניגלעכער בימה. יעדער קאָן זיך אַליין פאַרשטעלן ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען די מינוט ווען די מלכה האָט געגעבן אַ געשריי אויס צו איר טאָכטער: מיין קינד, דו לעבסט? דו ביסט דאָס טאַקע מיין קרוין? איך האָב דיך נאָך די זכיה צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן?

— עס אַרט מיך שוין נישט דאָס איך זאָל שטאַרבן — האָט מיט גאָר גרויס איבעראַשונג אויסגערופן דער מלך ווען ער האָט דערזען זיין טאָכטער — איצט אַז איך זע דיך נאָך לעבעדיקערהייט און איך זע די אומבאַגרענעצטע חכמה און

פעאיקייטן פון מיין אידים וואָס האָט דיך געראַטעוועט, גיי איך שוין מיט אַ רואיק האַרץ אין קבר, איך לאָז איבער אַ גרויסן יורש פאַר אונזער לאַנד.

— אָבער פּאָרט! — גיט פּלוצים אַ שריי אויס דער מלך און פאַלט אַרויף אויף זיין קינד — אָבער פּאָרט מיין האַרץ גלייבט נישט פאַר מיינע אויגן וואָס זעען דיך דאָ! איך שרעק זיך טיף אין האַרצן טאָמער איז חלילה די גאַנצע זאַך וואָס איך זע דיך, נאָר אַ זיסער חלום. נישט איינמאָל האָט זיך מיר געחלומט אַז דו ביסט צוריק געקומען, און נאָכדעם האָב איך זיך מיט גרויס ווייטאָג איבערצייגט אַז עס איז נאָר אַ חלום. אפשר — זאָגט ווייטער דער מלך מיט איבעראַשונג — פון גרויס בענקשאַפט און וואַרטעניש אויף מיין ליבן יועצ׳ס הבטחה, דאַכט זיך מיר נאָר אויס אַז איך זע דיך. עס דאַכט זיך מיר אויס אַ זאַך וואָס קאָן גאָר נישט זיין. דער מלך פאַלט אַראָפּ אויף זיין שטול, ער באַרואיקט זיך און גיט אַ געשריי אויס: ניין! עס דאַכט זיך מיר גאָרנישט, שוין דעם ערשטן טאָג וואָס מיין ליבער יועץ איז געקומען צו מיר אין שטוב האָט ער מיר געזאָגט אַז ער וועט מיר צוריק ברענגען לעבעדיק מיין טאָכטער. און אַז ער האָט מבטיח געווען, האָט ער דאָס טאַקע מקיים געווען. דאָס איז נישט קיין חלום נאָר טאַקע אַ ווירקלעכקייט, אַ מציאות. ער האָט טאַקע צוריק געבראַכט די קעניגלעכע קרוינפּרינצעסין.

ווי דער מלך זאָגט די ווערטער, פאַלט ער אַרויף אויף דעם יהודי און קושט אים און האַלדזט אים. דערנאָך זעצט ער אים אַוועק פון זיין רעכטער זייט און די בת־המלכה זעצט ער אַוועק אויף זיין לינקער זייט, פאַר די מלכה. איצט איז געזעסן די בת־המלכה צווישן איר פאָטער און מוטער, אַזוי ווי זי איז געזעסן ווען איר פאָטער האָט געזאָגט די באַקאַנטע רעדע אַז ער וועט איר איבערגעבן די מלוכה.

פון גרויס פרייד וואָס האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן עולם האָבן אַלע צענטליקער טויזנטער מענטשן געקלאַטשט מיט די הענט און געזונגען לוסטיקע און פריילעכע ניגונים. דערווייל האָט אָנגעהויבן פינצטער ווערן. אָבער די פּעאיקע חברה וואָס האָבן צוגעגרייט דעם שיינעם קבלת־פּנים האָבן שוין פאַרויס געזאָרגט דאָס די טונקלקייט פון דער נאַכט זאָל נישט שטערן די שמחה, אַלע פּאָר איילן איז געווען אַריינגעמויערט אַ דיקער שטאַנג און אויף איר איז געווען אַ גרויסער פאַקל, אַז עס האָט אָנגעהויבן צו טונקלען זענען עטלעכע באַדינער אַרומגעגאַנגען מיט ברענענדיקע פאַקלען אין די הענט און האָבן אָנגעצונדן די פילע איינגעמויערטע פאַקלען וואָס זענען געווען צוגעגרייט. ביי דעם אָנגענעמען ליכט וואָס די טויזנטער פאַקלען האָבן צע־שפּרייט איז די שמחה נאָך גרעסער געוואָרן.

וואָס מער מ׳האָט געזונגען און געטאַנצט איז מען אַלץ אַריין געקומען אין אַ גרעסערער שמחה, און וואָס מער מ׳איז אַריין געקומען אין אַ גרעסערער פרייד האָט מען אַלץ מער און מער געזונגען און געטאַנצט. די שמחה איז אַזוי גרויס געווען אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די פילע שטאַנגען מיט די פאַקלען וואָס זענען אויף זיי געהאָנגען טאַנצן אויך מיט. מיילן ווייט האָט געציטערט די לופט און גאָר פון די ווייטע מרחקים איז צוריק געקומען דער שטאַרקער ווידערקלאַנג פון דעם שיינעם אָנגע־נעם געזאַנג. דער יהודי וואָס איז געווען דער גרעסטער מחותן פון דער שמחה איז געזעסן דאָרט אויף דער בימה לעבן מלך, און געמישטע געפילן זענען אים אַרומגעשוועמען אין קאָפּ. ער האָט זיך אַ ביסל געפילט עלנד און אַליין דאָס קיין איין ברודער האָט ער נישט ביי זיין שמחה, עס האָט אים געקלעמט ביים האַרץ.

## כה.

אין דער צייט ווען די שמחה אין דער הויפטשטאָט פון מדינת־אופיר איז געווען אין העכסטן מאָס, אין דער זעלבער צייט איז נישט ווייט פון דער הויפט־שטאָט געריטן אַ קליינע חברה פון עטלעכע רייטערס, דער אָנפירער פון דער חברה איז אַ גאַנצע צייט געריטן מיט אַ האַלב אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אויף זיין פּנים האָט זיך אָנגעזען אַז ער טראָגט אַ גרויסע ווייטאָק אין האַרץ. די ווייטאָג איז געווען נאָך גאַנץ אַ פרישע, ווייל נישט מיט אַ לאַנגער צייט צוריק האָט ער זיך דערוווּסט פון אַ שרעקלעכן אומגליק וואָס האָט געטראָפן זיין ייִנגערן ברודער. ער איז אַרויסגעפאַלן פון אַ פענסטער פון אַ הויכן מויער וואָס איז געווען געבויט ביים ברעג פונעם ים, און גלייך ווי ער איז אַריין געפאַלן אין ים איז ער דערטרונקען געוואָרן. דער טרויער פון דעם רייטער וואָס האָט זיך דאָס דערוווּסט איז געווען גאָר אַ טיפער, ווייל ער איז געווען שטאַרק צוגעבונדן צו זיינע ברודער.

רייטנדיק אַזוי אין וואַלד איז צו זייערע אויערן געקומען דער ווייטער אָפּקלאַנג פון דעם גרויסן געזאַנג וואָס האָט זיך געטוען אין דער הויפּט־שטאָט. ווי דער טרויריקער אָנפירער פון די רייטערס האָט נאָר דערהערט די ערשטע אָפּקלאַנגען פון די פריילעכע און לוסטיקע ניגונים, מיט דער שיינער אַנגענעמער מוזיק, האָט דאָס גלייך אַריין געבראַכט עפּעס אַ לוסטיקע נשמה אין זיין קערפּער. ער איז געוואָרן גאָר אויפגעלעבט און פריי־לעך, און ווי מער זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דעם אָרט פון וואַנען דאָס געזאַנג איז געקומען, און זיי האָבן אַלץ קלאָרער געהערט די שיינע זיסע ניגונים וואָס מ׳האָט דאָרט געזונגען, איז ער אַלץ פריילעכער און לוסטיקער געוואָרן. דערווייל האָט אָנגעהויבן אין וואַלד צו טונקלען. געוויינטלעך ווען עס פלעגט

פינסטער ווערן, זענען די גאַנצע חברה רייטערס אַרויף אויף אַ הויכן בוים און דאָרט איבערגענעכטיקט. אָבער איצט איז שוין געווען גאַנץ פינסטער און דער הויפּט האָט געגעבן אַ באַ־פעל ווייטער צו רייטן, דאָס גערויש פון די ווילדע חיות וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו הערן ווי עס איז נאַכט געוואָרן האָט געשטערט צו הערן דאָס געזאַנג פון דער שטאָט. נאָכדעם וואָס זיי זענען אַזוי געריטן מער פון אַ שעה אין דער טונקלען נאַכט האָט זיך געענדיקט דער געדיכטער וואַלד אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען שוין עטלעכע וואָכן.

אַז זיי זענען אַרויס פונעם וואַלד וואָס האָט זיך געפונען לעבן ים, איז פאַר זיי אויפגעדעקט געוואָרן די פריילעכע שטאָט וואָס די גרויסע שמחה איז דאָרט פאָרגעקומען. די דיקע ביימער פון וואַלד האָבן ביז איצט געהאַט פאַרשטעלט פון זיי די ליכט פון די טויזנטער פאַקלען וואָס האָט באַלייכט די שטאָט.

ווען דער פירער פון די רייטערס האָט דערזען די גרויסע שמחה וואָס קומט דאָרט פאָר אין דער ליכטיקער שטאָט איז זיין האַרץ אַזוי פול געוואָרן מיט פרייד, אַז ער האָט זיך שוין דאָרט געוואָלט זען ווי שנעלער. ווי אַן אָדלער איז ער צוגעריטן ביז צו דער הויפּטשטאָט. די איבעריקע חברה וואָס זענען מיט אים געווען האָבן אים קוים נאָכגעיאָגט. ווען ער איז צוגעקומען צו דער שטאָט האָט ער געוואָלט איבערלאָזן די זאַכן וואָס זיי האָבן מיט זיך געהאַט אין עפּעס אַ הויז. אָבער אַלע הייזער זענען געווען פאַרשלאָסן. קיינער איז נישט געווען אין דער היים. קוים קוים וואָס ער האָט געפונען אַ הויז מיט אַן אָפענער טיר, דאָרט האָט זיך געפונען עפּעס אַן אַלטער מאַן וואָס צוליב זיין געבראָכענעם פוס האָט ער נישט געקאָנט גיין אויף דער גרויסער שמחה דעריבער איז ער געבליבן אין זיין הויז.

דער אָנפירער פון די רייטערס גיט אַ פרעג דעם אַלטן: צוליב

וואָס פייערט מען היינט דאָ אַזאַ גרויסע שמחה וואָס איך האָב נאָך זייט איך לעב נישט געזען אַזויפיל מענטשן פאַרזאַמלט אויף איין אָרט?

— איר זענט עפּעס פון יענער וועלט? — ענטפערט אים צו־ריק דער אַלטער מיט אַ פּראַגע — ווייל דאָ אויף דער וועלט איז געוויס נישט פאַראַן אַ מענטש אין מדינת־אופיר וואָס זאָל נישט וויסן פון די פילע וואונדער וואָס דער יהודי האָט געטוען די לעצטע צייטן אין לאַנד און צו דעם שפּיץ פון די אַלע וואונ־דער איז דער פּעאיקער יהודי צו געקומען דעם היינטיקן טאָג מיט דעם וואָס ער האָט צוריק געבראַכט דעם מלך׳ס בת־המלכה וואָס איז שוין געווען עטלעכע יאָר פאַררעכנט פאַר אַ טויטע.

— פון וואַנען שטאַמט דער יהודי — גיט אַ פרעג אָן איבער־ראַשטער דער אָנפירער פון די רייטערס, נאָך איידער ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין דעם אַלטן פאַר וואָר ער ווייסט גאָרנישט פון דער גאַנצער שמחה.

— לויט ווי איך האָב געהערט — ענטפערט דער אַלטער — שטאַמט ער פון מדינת־כּוזר.

— אוי! דאָס איז געוויס מיין יינגסטער ברודער — האָט זיך צעשריגן דער אָנפירער פון די רייטערס — דאַן האָט ער דעם אַלטן אין קורצן ערקלערט דאָס ער קומט פון אַ צווייטע מדינה, און שוין עטלעכע וואָכן וואָס זיי רייטן דאָ אין דעם געדעכטן וואַלד און האָבן קיין מענטש נישט געזען. דעריבער ווייסן זיי פון גאָרנישט וואָס עס איז פאָרגעקומען אין לאַנד.

— אויב אַזוי — זאָגט זיי דער אַלטער — וועל איך אייך טאַ־קע אַלעס גענוי דערציילן. דער אַלטער האָט זיי דערציילט פון די גרויסע זאַכן וואָס דער גוטהאַרציקער יהודי האָט געטוען פאַר אַלע איינוווינער פון לאַנד. און דאָס בלבול וואָס מ׳האָט געהאַט אויף אים אויסגעטראַכט און וויאַזוי דער גלת האָט אים

געראַטעוועט דורך זיין אמת'ן משפט מיטן „גורל", און אַז ער איז געגאַנגען צום לוויתן נאָך דער בת־המלכה, און אַז דער גרויסער גלח האָט געזאָגט אַז דער יהודי וועט ווערן דער חתן־המלך כאָטש ער וועט בלייבן ביי זיין יידישער אמונה. און אַז איצט פייערט מען אויך זיינע תנאים מיט דער בת־המלכה.

ווי דער ייִנגער רייטער האָט געהערט די אַלע זאַכן האָט אים אָנגעהויבן צו פלאַמען דאָס פנים. זיין האַרץ האָט זיך גענומען אין אים שטאַרק קלאַפּן, און זיינע געפילן אין קאָפּ האָבן זיך אָנגעהויבן צו ראַנגלען. ער האָט אַליין נישט געוווּסט וואָס צו טוען, זאָל ער גיין צו דער שמחה צי נישט? אויב ער וועט גיין האָט ער געפילט ביי זיך וועט ער צעשטערן זיין ייִנגסטן ברו־דער די גאַנצע שמחה, ווייל ער וועט זיך אַזוי צו וויינען ווען ער וועט אים זען דאָס ער וועט אים מוזן דערציילן פון דעם שרעק־לעכן אומגליק וואָס האָט פּאַסירט מיט זיין מיטלסטן ברודער. זאָל ער ווידער נישט גיין האָט אים אויך דאָס האַרץ נישט גע־לאָזט, אַז ער געפינט זיך יאָ דאָ ביי זיין ברודערס שמחה! זאָל ער נישט קיין טיילנעמען אין איר? ביים סוף האָט ער באַשלאָסן דאָס ער וועט יאָ גיין. ער האָט זיך געטראַכט אַז השי"ת האָט צוגעפירט דאָס איך בין פונקט אָנגעקומען אין מיטן דער שמחה, איז געוויס זיין הייליקער ווילן דאָס איך זאָל זיך משתתף זיין אין מיין איבערגעבליבענעם ברודערס יום־טוב.

ווי ער האָט נאָר באַשלאָסן יאָ צו גיין צו דער שמחה האָט ער גלייך מיט אַ שנעלקייט אַרויסגענומען פון זיין קעסטל זיינע בגדי מלכות וואָס ער האָט געהאַט אַלץ משנה־למלך פון זיין לאַנד ווי ער האָט געראַטעוועט דעם בן־המלך און אונטער־געבראַנגט די שרעקלעכע רויבער־באַנדע (אַזוי ווי עס איז באַשריבן אינעם ערשטן טייל). ער טוט זיך אָן די בגדי מלכות און שפּרינגט אַרויף אויף זיין הויכן פערד און צוזאַמען מיט

זיין חברה רייטערס האָבן זיי זיך געלאָזט פאָרן צום פּאָרט ווו די גרויסע בימה איז געווען. ווי זיי זענען צוגעקומען צו די פּאַרזאַמלטע טויזנטער מענטשן, האָבן זיך גענומען אויסרופן זייך חברה וואָס זענען מיט אים געקומען, מאַכט פּלאַץ פאַר דעם גרויסן גאַסט דער משנה־למלך. ווי מען האָט זיך אומגעקוקט און מ׳האָט געזען דאָס שיינע געשטעל פון דעם קעניגלעכן רייטער וואָס האָט אַזוי שטאַרק געענדלט צו דעם יהודי, דער חתן־המלך, וואָס פאַר אים האָט מען געמאַכט די איצטיקע גרויסע שמחה, האָט זיך יעדער אין אַ זייט געצויגן און עס איז געוואָרן אַ לאַנגער לערער וועג צווישן די טויזנטער מענטשן ביז צו דער קעניגלעכער שיינער בימה אויף וועלכער עס איז געזעסן דער אַלטער מלך און צו זיין רעכטער זייט דער יהודי. מיט אַ שנעלקייט פון אַ בליץ איז איצט, ווען עס איז געוואָרן אַ פרייער צוגאַנג, צוגעריטן דער משנה־למלך צו דער בימה.

## כו.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך דערנענטערט אַ קליין שיפל אויפן ים צו דער פּריילעכער קעניגלעכער שטאָט. דער ים איז שוין לאַנג געווען באַדעקט מיט אַ דעק פון אַ געדעכטער פינסטערניש. אָבער פון דעם טונקלען ים האָט מען פאָרט געקאָנט קלאָר אָנזען די שפּיצן פון די הויכע הייזער פון דער הויפּטשטאָט, ווייל די טויזנטער פאַקלען האָבן באַלייכט די שטאָט גלייך ווי עס וואָלט דאָרט געווען אין מיטן ליכטיקן טאָג. אויך דער אָנפירער פון די מענטשן אויפן שיף איז געלעגן אַ גאַנצע צייט אונטער אַ גרויסער פּיין, נישט מיט אַ לאַנגער צייט צוריק האָט ער זיך דערוווּסט פון דעם שרעקלעכן אומגליק וואָס האָט פּאַסירט מיט זיין עלטערן ברודער, אויף וואָס פאַראַ טרויריקער אָרט ער איז אומגעקומען. אָבער אויך דאָס צעבראָכענע האַרץ

פון דעם ייִנגן פירער אויף דעם שיף איז דערפרייט געוואָרן ווען ער האָט דערהערט די פריילעכע מוזיק פון דער הויפּטשטאָט וואָס האָט מייַלן־ווייט אויפן ים אָפּגעקלונגען. ווי די מאַטראָזן אויפן שיפל האָבן געהערט די פריילעכע שטימע וואָס קלינגט אָפּ פון דער שטאָט צו וועלכער זיי דערנענטערן זיך אַן זיי האָבן געזען ווי באַלייכטעט די שטאָט איז, האָבן זיי געקוקט מיט שפּאַקטיוון אויף דער שטאָט, האָבן זיי גאַנץ קלאָר געזען די בימה מיט דעם מלך אויף דער בימה. די מאַטראָזן האָבן געוויזן אויך פאַר זייער אָנפירער ווי מ'זעט די בימה מיטן מלך דורך די שפּאַקטיוון, דער אָנפירער האָט עטלעכע מאָל אַוועק גענומען די שפּאַקטיוון פון די אויגן און ווידער זיי צוגענומען און געקוקט מיט זיי. ביים סוף האָט ער געגעבן אַ געשריי אויס מיט גרויס איבעראַשונג.

— מיין ברודער זיצט לעבן מלך אָנגעטאָן אין בגדי־מל־כות. יאָ! — זאָגט ער ווידער ווי צו זיך אַליין — דאָס איז מיין עלטסטער ברודער. מ'האָט מיר געזאָגט אַז ער איז געפאָרן אין דער ריכטונג פון מדינת־אופיר, אָט האָב איך אים טאַקע געפו־נען. נאָך אַזוי פיל יאָר וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען. ער קוקט ווידער מיט די שפּאַקטיוון און זעט פון דער ווייטנס ווי אַלעס טייטלט מיט די פינגער אויף זיין ברודער. פּלוצים זעט ער ווי דער מלך אַליין גיט אים די האַנט און נאָכדעם האַלדזט ער אים אַרום און קושט אים מיט גרויס ליבשאַפט. ער האָט קלאָר געזען אַז דער גאַנצער בעל־שמחה פון דער גרויסער שמחה איז טאַקע זיין ברודער. צוקוקנדיק זיין ברודערס שמחה איז ער אַליין פול געוואָרן מיט פרייד. אָבער גלייך האָט אים געגעבן אַ ציטער דאָס האַרץ, ער האָט זיך געטראַכט וואָס פאַראַ פּנים וועלן מיר האָבן ווען מיר וועלן זיך פּלוצים דערזען נאָך צוויי ברודער, און מיר וועלן וויסן וואָס עס האָט פּאַסירט מיט

אונזער געליבטן קלוגן מיטלסטן ברודער. וואָס פּאַראַ תשעה־באָב וועט ווערן פון זיין שמחה. ניין! האָט ער ביי זיך באַשלאָסן ווען פון זיינע אויגן האָבן זיך ווידער גענומען גיסן הייסע טרערן, ניין! אין מיטן זיין שמחה קאָן איך זיך מיט אים נישט טרעפן. איך טאָר נישט צעשטערן זיין יום־טוב.




אויף איין זייט דערנענטערט זיך דאָס שיף צו דער שטאָט
און אויף דער צווייטער זייט דער רייטער

אָבער אַז די שיף איז אַביסל נאָענטער געקומען צו דער הויפּטשטאָט און ער האָט געקאָנט גאַנץ גענוי זען זיין ברודערס צורה, האָט ער געזען וואָס פּאַראַ טיפער זאָרג עס ליגן אין די אויגן פון דעם בעל־שמחה. עס האָט זיך ווי אַרויסגעזען די גרויסע פּיין וואָס נעמט אים אַרום דאָרט אין דער הויך פון דעם קעניגלעכן שטול.

— זיין שמחה קאָן איך נישט צעשטערן — האָט זיך גע־טראַכט דער יינגער ברודער — ווייל זיין שמחה איז ממילא

קיין שמחה, עס וועט אים נאָך גרינגער ווערן אויפן האַרץ דאָס ער וועט זיך מיט מיר זען, און מיר וועלן זיך בייזאַמען גוט אויסוויינען, איידער די וויטאָג זאָל ליגן אין אים פאַרשלאָסן אין זיין האַרץ זיצנדיק אויפן הויכן שטול. ער לויפט אַראָפּ אין זיין צימער אויפן שיף און נעמט אַרויס זיינע בגדי־מלכות וואָס ער האָט געהאַט אַלץ „משנה־למלך“ פון מדינת־ספרד (אַזוי ווי עס איז באַשריבן אין דריטן חלק). ווי ער גייט אַרויף אויפן שיף זאָגט ער זיינע צוויי געטרייע באַדינער וואָס ער האָט זיך מיט גענומען פון דעם עק־וועלט־טאָל פון „מדינת־חומדגיה“: ווי די שיף וועט אָנקומען צום פּאָרט וויל איך גלייך צו גיין צו דער בימה און זיך טרעפן מיט מיין ברודער, זאָלט איר מיטקומען מיט מיר.

כז.

ווען דאָס שיף איז נאָר אָנגעקומען צום פּאָרט איז דער יינגער משנה פון מדינת־ספרד אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין שיף, און זיינע צוויי טרייע דינער נאָך אים. דער משנה איז געגאַנגען אין מיטן, זיין פּנים האָט געלויכטן ווי די זון, און זיינע צוויי חברה פון זיינע צוויי זייטן, און מיט שנעלע טריט זיך דערנענטערט צו דער בימה.

אין דער צייט ווען דער משנה פון ספרד האָט זיך מיט זיינע שיינע בגדי מלכות דערנענערט צופיס גייענדיק דעם קורצן וועג פון ים צו דער בימה, אין דער זעלבער צייט איז דורכגע־ריטן ווי אַ בליץ אַ משנה־למלך צווישן די מענטשן וואָס האָבן אים געמאַכט אַ פרייען וועג צווישן זיך. ווי דער יהודי, וואָס איז געזעסן אויף דער בימה האָט דערזען די צוויי מישנה׳ס דערנענ־טערן זיך צו אים האָט ער געגעבן אַ שפּרינג אַראָפּ פון דער קעניגלעכער בימה און איז זיי אַנטקעגן געלאָפן.

אָט דאָ לעבן דער שיינער מאַרמאָר־בימה וואָס שטייט נאָך

ביז דעם היינטיקן טאָג אין מדינת־אופיר האָבן זיך פּלוצים דער־זען די „שלשה־אחים" ווי זיי שטייען באַזאַמען איינער לעבן צווייטן. אַלע דריי אָנגעטוען אין קעניגלעכע קליידער, אַלע דריי פירערס פון מעכטיקע מדינות.

אַ טויט־שרעק איז פּלוצים געפאַלן אויף די פריילעכע לוס־טיקע שטאָט. די פויקן האָבן אויפגעהערט צו קלאַפּן, די טראָמ־פייטערן האָבן אויפגעהערט צו בלאָזן, און די מוזיק האָט אויפ־געהערט צו שפּילן, אַ שטילקייט איז אויפאיינמאָל אויף אַלעם אַראָפּ. אַרום דער בימה האָט זיך געטוען אַ לויפעריי פון דער קעניגלעכער וואַך. וואָס איז געשען? וואָס איז געשען? האָבן געפרעגט די מענטשן איינער דעם צווייטן, אָבער קיינער האָט נישט געוווסט. עס איז געוואָרן אַזאַ געטומל אַרום דער קעניג־לעכער בימה אַז מ׳האָט נישט געקאָנט זען וואָס דאָרט טוט זיך. די טויזנטער אויגן וואָס האָבן אַהין געקוקט האָבן נישט געזען נאָר ווי עס איז געוואָרן אַזוי ווי אַ באַרג פון מענטשן אַרום דעם יהודי מיט די צוויי געסט. פּלוצים האָט מען געזען ווי מ׳ברענגט אין דער לופטן די קעניגלעכע דאָקטוירים צו דעם באַרג מענטשן.

מער פון אַ האַלבער שעה האָט געדויערט דאָס שטילקייט, מער פון אַ האַלבער שעה האָט ביי יעדן געציטערט דאָס האַרץ אָן דעם וואָס מ׳זאָל וויסן וואָס פאַראַ אומגליק דאָ האָט פּאַסירט. די פרייעלעכע לוסטיקע שטאָט וואָס האָט ערשט פריער גע־זאָטן און ווי געקאָכט פון דעם פילן געזאַנג און טאַנצעריי, וואָס האָט מיט גרויס פרייד אַרומגעשוועבט אין דער לופטן, איז איצט באַדעקט געוואָרן מיט אַ שרעקלעכער אומעטיקייט. פּלו־צים האָט מען געזען פון דער ווייטנס ווי מ׳פירט אויף דער קעניגלעכער בימה דעם יהודי פאַרחלשטערהייט, און זיין גע־שטאַלט וואַרפט אַ טויט שרעק. און נאָך אים פירט מען די צוויי

געסט וואָס זענען נאָר וואָס אָנגעקומען אין די קעניגלעכע קליידער אויך פאַרחלשטע. אַלעמענס אָטעם איז ווי אָפּגעהאַקט געוואָרן דאָס זעענדיק, און אַלעס איז געבליבן שטיל, ווי אַ דונער וואָלט זיי דערקלאַפּט. איין פראַגע האָט איצט ביי אַלעם אין האַרץ געקלאַפּט צי איז נאָך דאָ אַ האָפענונג זיי צו ראַטעווען?

די דריי פעסטע און שטאַרקע העלדן הערצער, וואָס האָבן זיך נישט געשראָקן פאַר די גרעסטע מעכטיקסטע כוחות אין דער וועלט, פאַר די געפערלעכסטע רויבער באַנדעס און פאַר די שרעקלעכסטע מענטשן פרעסערס, און קיינער האָט קיין איינעם פון זיי נישט געקאָנט באַזיגן האָבן זיך איצט דאָ באַזאָ־מען אונטער געגעבן פאַר אַן איינפאַכן בליק פון זייערע אויגן.

דער יהודי וואָס איז געזעסן אַזוי פאַרקלעמט אויף דער בימה, און האָט זיך געפילט אַזוי עלנד און אַליין ווי אַ שטיין ביי זיין שמחה, און די צוויי ברודער וואָס זענען צו געקומען מיט אַ בלוטיק האַרץ צו דער בימה וויסנדיק אַז זייער מיטל־סטער ברודער איז אומגעקומען אויף אַ שרעקלעכן אופן, האָבן זיך דערזען באַזאַמען, איז די שמחה און פרייד וואָס איז אויף זיי פּלוצים געקומען אַזוי גרויס געוואָרן אַז זי איז געווען פיל גרעסער ווי דאָס האַרץ פון אַ מענטש איז. דעריבער האָבן זייערע הערצער דאָס נישט געקאָנט אַריבער טראָגן.

## כח.

— ער כאַפּט זיך אויף — הערט זיך אַן איבעראַשט קול פון דעם קעניגלעכן דאָקטער וואָס האָט אַ גאַנצע צייט געאַרבעט מיט שוויס אים צו מונטערן.

— ער קומט אויך צו זיך — הערט זיך אַ ביסל שפּעטער דאָס קול פון אַ צווייטן דאָקטער. ערשט ווען די צוויי ברודער זענען שוין געווען ביי זיך און האָבן שוין געעפנט די אויגן הערט זיך

דאָס קול פון אַ דריטן דאָקטער — אויך ער איז אַ גערעטעוועטער — איך האָב שוין געהאַט פאַרלוירן די האָפענונג אַז ער וועט געראַטעוועט ווערן — זאָגט דער דאָקטער וואָס ער אַליין האָט שוין כמעט אויסגעזען ווי אַ פאַרחלשטער.

ערשט שפּעטער ווען די „שלשה־אחים" זענען אינגאַנצן צו זיך געקומען און זיי האָבן זיך אַ ביסל געהויבן דעם קאָפּ האָבן די טויזנטער מענטשן געזען אַז די געחלשטע זענען געראַטעוועט געוואָרן און זיי האָבן אָנגעהויבן רואיק צו ציען דעם אָטעם.

ווען עס איז אַריבער אַ שטיקל צייט האָבן די דאָקטוירים געלאָזט די שלשה אחים זאָלן זיך שלום געבן. זיי פאַלן איינער אויף דעם צווייטנס האַלדז. מ'קושט זיך, מ'דריקט זיך צוזאַמען די הענט, דאָס לשון איז אָפּגעהאַקט, נישט דאָ קיין שפּראַך, נישט דאָ קיין וואָרט. אַלעס איז ווי פאַרגליווערט פון גרויס איבעראַשונג, נאָר פון די אויגן גיסן זיך טרערן, טרערן פון פרייד.

די אויסטערלעכע גרויסע פרייד וואָס האָט זיך דאָרט געטון ווען די שלשה־אחים, — וואָס האָבן זיך אָפּגעטיילט איינער פון צווייטן נאָך ווען זיי זענען געווען יינגע קינדער — האָבן זיך איצט דאָ צוזאַמען געטראָפן אַלע דריי און בגדי־מלכות, און דערצו האָבן זיי נאָך געהאַט די ריכטיקע יידישע צורות, איז קיין מענטש אין דער וועלט נישט אימשטאַנד פאָרצושטעלן. און נאָך מער ווי די שמחה איז געווען צווישן דעם עלטסטן און יינגסטן ברודער וואָס זיי האָבן זיך נאָך אַזויפיל צייט צוזאַמען געטראָפן, איז געווען די שמחה גרויס וואָס זיי האָבן דערזען דעם מיטלסטן ברודער אין זיין גדולה, נאָכדעם וואָס זיי האָבן געהערט פון זיין דערטרונקען ווערן.

נאָכאַמאָל זענען זיי געפאַלן איינער אויפן צווייטנס האַלדז

ווידער זיך געקושט. און ערשט נאָך אַ לאַנגער צייט איז זיי צוריק געקומען דאָס לשון. איצט האָבן זיי געמאַכט אַ „ברכת־שהחיינו" איינער אויפן צווייטן, דערנאָך האָט דער עלטסטער מיטן ייִנגסטן ברודער געמאַכט אַ בי־כת „מחיה־המתים" אויף זייער מיטלסטן ברודער, רבי יצחק, וואָס איז ביי זיי ביז דעם טאָג גערעכנט געווען אַלץ פאַרשטאָרבענער.

— דער דאָזיקער טאָג, וואָס מיר האָבן די זכיה זיך צו זען איינער מיטן צווייטן, איז דער גליקלעכסטער אין אונזער לעבן — האָבן מיט אַן אומבאַגרענצטע פרייד אויסגערופן די שלשה־אחים, — מיר קאָנען געוויס אַ ביסל פאַרגלייכן אונזער שמחה צו דער גרויסער יידישער שמחה וואָס איז געווען ביים הייליקן בית־המקדש, די „שמחת־בית־השואבה".

דער ייִנגסטער ברודער, רבי יעקב, האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט גלייך געגעבן אַ פרעג זיין געליבטן רבי יצחק וואָס ער האָט זיין האַנט נישט אַרויסגעלאָזט פון צווישן זיינע הענט.

— מיין ליבער און טייערער ברודער — האָט רבי יעקב געזאָגט — דערצייל מיר דאָך וויאַזוי ביסטו געראַטעוועט געוואָרן פון די אָפּגרונטן פונעם ים, אין דער צייט ווען די אַלע מענטשן וואָס האָבן דיך געזען אַריינפאַלן אין ים האָבן דיך אומעטום געזוכט און האָבן קיין צייכן פון דיר נישט געפונען?

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מיין ברודער, וואָס הערנדיק דיין קול ווערט מיין האַרץ פול מיט פרייד? — האָט אים רבי יצחק געענטפערט — אַז איך זאָל דיר דאָס וועלן געבן צו פאַרשטיין וועסטו דאָס אויך נישט פאַרשטיין, ווייל מיט דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד קאָן מען דאָס נישט פאַרשטיין, דאָס מוז איך אייך געני דערציילן און איצט איז נישט קיין צייט דערויף. איצט קאָן איך אייך נאָר מיינע ליבע ברודער איין וואָרט זאָגן דאָס

מיין אינטערעסאַנטע הצלה איז געווען פשוט — חסדי השם, די גרויסע חסדים פון אונזער הייליקן באַשעפער וואָס גרייכן ביז צו די הויכע הימלען קומען אויך אָן ביז צו דעם אָפּגרונט פונעם טיפן ים.

די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן וואָס האָבן צוגעקוקט דעם איבעראַשטן צוזאַמען טרעף פון די שלשה־אחים זענען געשטאַנען מיט אָן איינגעהאַלטענעם אָטעם און געקוקט צו דעם אינטערעסאַנטן געשטאַלט וואָס האָט אַנגעריירט דאָס האַרץ, פאַר פיל פון זיי האָט זיך געגאָסן הייסע טרערן פון זייערע אויגן.

— דאָס זענען מיינע ברודער — זאָגט דער מיטלסטער ברודער צום מלך ווען ער ווייזט אויף זיינע צוויי ברודער וואָס זענען איצט אָנגעקומען, און זאָגט ווייטער:

— נאָך אַזוי פיל יאָר וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען האָט גאָט געהאָלפן דאָס איצט ביי מיין גרויסער שמחה זענען זיי געקומען מיר משלים צו זיין מיין פרייד.

דער מלך האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט זיין חתנ׳ס פרייד, און ער האָט גלייך געהייסן ברענגען צוויי שטולן און זיי אַוועק שטעלן אויף דער קעניגלעכער בימה אַראָפּצי פון זיינע שטולן און געהייסן די צוויי געסט דאָרט זיצן. דער מיטלסטער ברודער האָט גענומען רשות ביים מלך און האָט זיך אויך געזעצט צווישן זיינע צוויי ברודער. די פאַרזאַמלטע מענטשן האָבן דאָס אַלעס צוגעקוקט מיט גרויס נייגעריקייט, און אַזאַ שטילקייט האָט דאָרט געהערשט אַז מ׳האָט געקאָנט הערן דעם אייגענעם אָטעם.

דער מלך שטעלט זיך איצט אויף אויף דער בימה און מיט אַ שאַרפער און איבעראַשטער שטימע זאָגט ער.

מיינע טרייע און טייערע בירגער!

זייט עס איז פאַראַן אַ שמחה אויף דער וועלט איז געוויס נאָך

נישט געווען אַזאַ גרויסע פרייד ווי די דאָזיקע פרייד וואָס מיר פרייען זיך איצט דאָ. מיר זעען מיט אונזערע אויגן אַ זאַך וואָס מיר האָבן אפילו אויף אונזערע שענסטע געדאַנקען נישט געקאָנט אויפברענגען, אַז די קרוין־פרינצעסין זאָל ווידער זיצן אין איר היימלאַנד.

אָבער די לאַנגע שווערע צייט וואָס איז אַריבער ביז מיר האָבן זוכה געווען צו דעם היינטיקן טאָג האָט איבערגעלאָזט טיפע ווונדן אין מיין געזונטהייט, אַזוי דאָס איך פיל ביי מיר אַז מיינע קרעפטן זענען שוין צו שוואַך צו פירן אונזער גרויס לאַנד, דעריבער וויל איך איצט דאָ ביי אונזער האַרציקער שמחה גלייך איבערגעבן די קרוין מיין גרויסן יורש.

ליבע בירגער! וואָס איר האָט מיט אַזאַ ערנסטקייט טיילגענו־מען אין מיין שרעקלעכן פיין, מיין האַרץ איז פול מיט פרייד ווויסנדיק אַז אויף מיין שטול זיצט דער ריכטיקער פאַסיקער יורש וואָס זיין טריישאַפט און איבערגעבנקייט צו דעם פאָלק האָט זיך שוין אַרויסגעצייגט אין דער קורצער צייט וואָס איך האָב אים געהאַט איבערגעגעבן די לייטונג פונעם לאַנד. עס איז מיר אַ טאָפּלטע שמחה אַז אין דעם טאָג וואָס איך בין דערפרייט געוואָרן זעענדיק מיין קינד קאָן איך אייך מיינע ליבע בירגער דערפרייען מיט דעם וואָס איר זאָלט זעען ווי אייער איבערגע־געבענער און אומבאַגרענצטער פריינט זיצט אויף דעם קעניג־לעכן שטול.

— ווען איר וועט אַהיים גיין פון דער איצטיקער שמחה וועט איר קאָנען גיין מיט אַ רואיק פריילעך האַרץ ווויסנדיק אַז עס זאָרגט וועגן אייך דער יינגער קלוגער מלך.

— און דו מיין צוגעקומען קינד! — זאָגט דער מלך ווען ער קערט זיך צו רבי יצחק'ן — נעם דאָך אַ ברכה פון דיין טרייען פאָטער, אַ ברכה וואָס רייסט זיך אַרויס פון זיין טיפן האַרץ. פיל

פיל יאָר זאָל דערלענגערט ווערן דיין קעניגרייך, און פון דער הויך פון דעם קעניגלעכן שטול זאָלסטו מיט דיין טיפער אומ־באַגרענעצטער חכמה און פאַרשטאַנד פירן דאָס לאַנד צו דעם העכסטן שפּיץ פון דעם גרעסטן גליק.

ווי דער מלך האָט נאָר געענדיקט זיינע ווערטער איז דער־ציטערט געוואָרן די לופט פון דעם האַרציקן געשריי וואָס די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן האָבן מיט גרויס שמחה אויס־געשריגן: יחי המלך! חתן־המלך. „זאָל לעבן דער מלך, דער איידעם פון מלך", יחי, יחי, יחי — — —

כט.

ווי אַ קלאַפּ פון אַ דונער האָט געטראָפן די מיניסטאָרן מיט דעם אַלטן גלח אַגערנאַצי די ווערטער פון דעם מלך. זיי האָבן געפילט ווי זייער קבר האָט זיך העכער זיי פאַרשלאָסן. ביז איצט האָט זיי אויך געשניטן דאָס פלייש ווי מיט פייערדיקע שפּיזן צוקוקנדיק דעם גרויסן כבוד וואָס דער יהודי האָט דאָ געהאַט, עס האָט זיי נאָך מער ווייי געטועןן דאָס וואָס זיי האָבן ביי זיך געוווסט אַז זיי האָבן אים דעם גאַנצן כבוד פאַרשאַפט, ווייל צוליב דעם בלבול וואָס זיי האָבן אויסגעטראַכט אַז די בת־המלכה געפינט זיך ביים לוויתן, און זיי זענען געווען זיכער אַז ער איז דאַדורך דערטראָנקען געוואָרן. דורך דעם איז אים גע־לונגען צוריק צו ברענגען די בת־המלכה און באַקומען דעם כבוד. ביז ווען דעם יהודי'ס ברודער זענען געקומען האָט נאָך דער אַלטער גלח געטרייסט די מיניסטאָרן אַז זיי דאַרפן זיך נישט אַזוי צו ערגערן פון דעם פילן כבוד וואָס מ'טוט אָן דעם יהודי, ווייל ער זעט אין פנים פון דעם יהודי אַז ער איז פול מיט טרויעריקייט, אַזוי אַז ער פילט גאָר קיין פרייד פון דעם גאַנצן כבוד, אָבער איצט ווען די ברודער זענען שוין דאָ געווען

און דער יהודי איז פול געוואָרן מיט פרייד, און דערצו האָט נאָך דער מלך אים אויסגערופן אַלץ נייער מלך פון לאַנד, איז זיי אַלע פינסטער געוואָרן די וועלט. דער אַלטער גלח האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן. ער האָט געוווּסט אַז אַנדערש מאַכן ווי ס׳איז קאָן ער שוין נישט, האָט ער זיך געטראַכט זאָל ער כאָטש אַ ביסל צעשטערן דעם יהודי׳ס שמחה. און גלייך ווי עס איז נאָר אַביסל שטילער געוואָרן פון דעם הויכן געשריי, וואָס די טויזנטער מענטשן האָבן געשריגן יחי המלך, יחי, האָט ער גע־נומען רשות ביים מלך צו באַגריסן די שמחה, דער מלך האָט אים געגעבן רשות און ער האָט אָנגעהויבן מיט זיין שטילן קול צו רעדן.

קינדערלאַך!

ווער נאָך ווי אַן אַלטער פאָטער פילט מיט אין האַרץ די פרייד פון זיינע קינדער. אָבער אין מיטן פון דער גרעסטער פרייד דאַרף דער געטרייער פאָטער אויסהיטן זיינע קינדער זאָלן נישט זינדיקן, און איך פיל דאָס מיר באַגייען דאָ אַ גרויסן חטא מיט דעם וואָס מיר מאַכן זיך פאַרגעסן אין די וואָס האָבן נאָך פיל מי געבראַכט צו דעם אַז מיר זאָלן זיך קאָנען פרייען.

עטלעכע יאָר איז אַריבער זייט די קרוינפּרינצעסין איז פאַר־שווּנדן געוואָרן, אַלעמען האָט דאָס שטאַרק ווייט געטוען, אָבער יעדער האָט געוווּסט אַז עס איז אַ פאַרפאַלענע זאַך. מ׳קאָן גאָר־נישט העלפן דערויף, אַ חוץ אַ פּאָר מענטשן אין לאַנד, וואָס זיי האָבן יאָרן נישט געטוען קיין צווייטע זאַך נאָר געטראַכט אַ וועג וויאַזוי אויפצוזוכן די בת־המלכה, און ביים סוף האָבן זיי גע־פונען.

די עטלעכע מענטשן זענען די געטרייע מיניסטאָרן, וואָס פאַר זיי האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אַז מיר זעען נאָך די קרוין־פּרינ־צעסין מיט אונזערע אויגן. נאָך יאָרן טראַכטן האָבן זיי מיט

זייער טיפער חכמה אויסגעפונען אַז זי געפינט זיך ביים לוויתן און האָבן דעם פעאיקן יועץ פון מלך געשיקט איר אָפּנעמען. אויך איך, אייער אַלטער פאָטער, האָב אַ קליינעם טייל דעריך, איך האָב אים געוויזן גענוי דאָס אָרט ווי די בת־המלכה געפינט זיך.

איך וויל חלילה נישט קליין מאַכן דעם טייל פון דעם געשיקטן שליח וואָס האָט געבראַכט די בת־המלכה, אָבער מיר וועלן זינדיקן אַז מיר וועלן פאַרגעסן, די וואָס האָבן דעם גרויסן חלק אין דער פרינצעסינס הצלה, די וואָס האָבן אויסגעפונען און צו געוויזן ווו זי געפינט זיך. דער יידישער נביא ישעיהו האָט שוין לאַנג געזאָגט „היתפאר הגרזן על החוצב בו", „קאָן זיך באַרימען די האַק אויף דעם וואָס האָקט מיט איר", צו זאָגן דאָס איך האַק נישט דו.

דעריבער קינדערלאַך זאָלט איר שטענדיק פאַר אויגן האַלטן דאַנקבאַר צו זיין די ריכטיקע רעטערס פון דער בת־המלכה. איר אַלע וועט פאַרשטיין ווי אום אַנגענעם עס איז מיר איצט צו זאָגן די ווערטער. אָבער דער אמת איז אין מיינע אויגן העכער פון אַלעמען.

ל.

ווי דער גלח האָט געענדיקט זיינע ווערטער שטעלט זיך אויף רבי יצחק פון ווו ער איז געזעסן אויף דער קעניגלעכער בימה און זאָגט:

די ערנסטע ווערטער וואָס האָבן אייך דערמאָנט די גרויסע חכמה פון די מיניסטאָרן האָבן מיר ווידער אַרויסגעוויזן דאָס גרויסקייט פון דעם אַלטן גלח אַז דער אמת איז ביי אים טייער־ער פון אַלעם, און עס פרייט מיך אַז דער לוויתן וועט זיך טאַקע איבערצייגן אַז די פילע לויב וואָס איך האָב אים געזאָגט

אויף דעם חשובן גלח און אויף די קלוגע מיניסטאָרן איז נישט געווען קיין שקר.

ווי רבי יצחק ענדיקט זיינע ווערטער נעמט ער אַרויס פון טאַש אַ גאָלדן פושקעלע וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גאָלדענער פיש, פון דעם פושקעלע האָט אָפּגעגלאַנצט די אבנים טובות וואָס זענען געווען אין דעם איינגעזעצט. אויף דעם פושקעלע איז געווען איינגעקריצט די ווערטער „צו דעם גרויסן מלך פון מדינת־אופיר". רבי יצחק דערלאַנגט דעם מלך דאָס פושקעלע. דער מלך עפנט עס און נעמט אַרויס דערפון אַ דין גאָלדן טאָ־װעלע וואָס האָט געהאַט אויף איין זייט איינגעקריצט גאָר קינסטלעך שופּן ווי אַ פיש, און אויף דער צווייטער זייט איז געווען איינגעקריצט אַ לאַנגער בריף. דער מלך לייענט אַליין דורך דעם בריף און דאַן רופט ער צו דעם קעניגלעכן שרייבער און הייסט אים פאַרלייענען פאַר אַלע מיניסטאָרן. דער שרייבער נעמט זיך מיט אַ הויכער שטימע ליינען. אַז אַלע פאַרזאַמלטע מענטשן האָבן געהערט.

פון מיר דער גרויסער לוויתן דער געוועלטי־קער איבער אַלע ימים און תהומות, צו מיין גוטן פריינט דער מלך פון מדינת־אופיר.

ווען דו וועסט ליינען דעם דאָזיקן בריף וועסטו שוין זען אַז איך האָב ערפילט דיין פאַרלאַנג און איך האָב דיר צוריקגעשיקט דיין טאָכטער די קרוינפּרינצעסין, אָבער דערפאַר פאַרלאַנג איך פון דיר זאָלסט אויך ער־פילן מיין בקשה.

אַזוי ווי ביי מיר מערט זיך מיין קעניגרייך בלי־עין־הרע פון טאָג צו טאָג אין די מיליאָנען, נויטיק איך זיך אויף אַ וויכטיקע אויסהילף. ערשטנס מוז איך האָבן אַן אָרנטלעכן פאַרשטענדיקן שופט וואָס זאָל אַרויסגעבן

ריכטיקע משפּטים אין די פּילע קריגערייען וואָס קומען דאָ פאַר צווישן די פאַרשידענע סאָרטן ים־באַשעפענישן. צווייטנס מוז איך האָבן אַ קאַבינעט וואָס זאָל מיר העלפן פירן די גרויסע ממלכה.

אַזוי ווי דיין שליח מיט וועמען איך האָב דיר צוריק געשיקט די בת־המלכה האָט מיר דערציילט פון דעם קלוגן און אָרנטלעכן משפּט וואָס דער גרויסער חשובער גלח פון לאַנד האָט אָנגעפירט ווען מ׳האָט געהאַט אויף דעם שליח געמאַכט אַ בלבול, און אַזוי ווי ער האָט מיר דערציילט פון דער טיפער חכמה פון דיינע מיניסטאָרן וואָס מיט זייער פאַרשטאַנד האָבן זיי אויסגעפונען אַז דיין טאָכטער געפינט זיך ביי מיר. פאַרלאַנג איך פון דיר אַז ביז פיר און צוואַנציק שעה פון ווען דיין טאָכטער וועט אַרויף שטעלן אַ פוס אויף דער ערד פון מדינת־אופיר זאָלסטו מיר צושיקן אַלע דיינע מיניסטאָרן מיט דעם אַלטן חשובן גלח אַגערנאַצי. איך האָב אַ גענויע רשימה פון זיי, און אויב איך וועל זיך איבערצייגן אַז איינער פעלט, אָדער מ׳האָט מיר געשיקט אַ צווייטן מענטש שטאָט אַ מיניסטער וועט דער ים אָפּוואַשן דיין גאַנץ לאַנד, אַז עס וועט נישט קענטיק זיין דאָס עס איז געווען אַ מדינת־אופיר אויף דער וועלט.

דיין שליח האָט מיר געבראַכט אַן אונטערגעשריבענע הבטחה פון דיר אַז וואָס איך וועל פאַרלאַנגען וועגן דער בת־המלכה וועסטו גלייך אָפּצאָלן. אַלזאָ פאַרלאַנג איך אַז זאָלסט מיר זיי גלייך שיקן.

פון מיר וואָס האָפט צו בלייבן דיין גוטער פריינט.

„לוויתן"

מלך־הימים.

ווי דער קעניגלעכער שרייבער האָט געענדיקט ליינען דעם בריף האָט דער אַלטער מלך זיך אויפגעשטעלט און האָט געזאָגט: מיין הבטחה וואָס איך האָב געגעבן דעם לוויתן וועל איך געוויס מקיים זיין, און איך פאַרשטיי אַז ביי אייך, מיינע מיניסטאָרן, איז דאָס געוויס אַ גרויס גליק צו ווערן די מושלים פון אונטער דער גאַנצער וועלט, איבערהויפּט דאָס איר וועט נאָך ביי אייך וויסן אַז צוליב דעם האָט דער לוויתן צוריק געשיקט די קרוינפּרינצעסין, און איצט ווידער ראַטעוועט איר דאָס גאַנצע לאַנד עס זאָל נישט אָפּגעווישט ווערן.

איך בעט ביי דעם גרויסן גלח אגערנאַצי און ביי מיינע טרייע מיניסטאָרן דאָס אויך דאָרט ביי דעם תהום ווען די רעגירונג איבער דער וועלט וועט זיך אין אייערע הענט זאָלט איר בלייבן טריי אייער היימלאַנד און איר זאָלט היטן און שיצן אויף אונזער מדינת־אופיר וואָס איר שטאַמט פון איר.

ווי דער אַלטער גלח מיט די מיניסטאָרן האָבן געהערט וואָס דער שרייבער ליינט פאָר פון דעם בריף וואָס דער לוויתן האָט געשריבן, און זיי האָבן געזען ווי ערנסט דער מלך נעמט דאָס אָן איז זיי ביטער געוואָרן אויפן האַרץ. זיי האָבן דאָך געוווסט דעם גאַנצן סוד אַז די מעשה מיטן לוויתן האָבן זיי אַליין אויסגעטראַכט כדי דורך איר צו דערטרונקען דעם יהודי, און אַז זיי האָבן איצט דאָ געזען ווי דער יהודי האָט מיט זיין גרויסער חכמה צוריק געדרייט צו זיי זייער אייגן בלבול און מיט דער פייל וואָס זיי האָבן אים געוואָלט שיסן, האָט ער זיי געשאָסן, האָט זיי אָנגעהויבן צו ציטערן הענט און פוס. זיי זענען געוואָרן ווי צעמישט. דער אַלטער גלח האָט אָנגעהויבן צו שרייען אויף זיך אַליין, דו שוטה! דו אַלטער נאַר! וואָס האָט דיר געפעלט? שוין צוואַנציק יאָר ביסטו דיר געזעסן פאַרשלאָסן און געהאַט דעם גרעסטן כבוד וואָס קאָן נאָר זיין, ביסטו דיר אַרויסגע־

קראַכן זיך אַנצוהייבן מיט אַ יהודי? האָסטו דען נישט פאַר־
שטאַנען אַליין אַז ער איז קלוגער פון דיר? ער פון דיינע הענט
וועט זיך יאָ אַרויסדרייען און דו פון זיינע נישט? איצט וועסטו
וועגן דיינע נאַרישקייטן צאָלן מיטן לעבן!

די מיניסטאָרן האָבן געוויינט מיט הויכע קולות, ווייל איז אויף
אונזער לעבן, ווייל איז אויף אונזערע קינדער. דער מלך וואָס
האָט ביז איצט געגלייבט דעם אַלטן גלח די גאַנצע מעשה מיטן
לוויתן וואָס ער האָט אים דערציילט, האָט גאַנץ ערנסט גע־
פרעגט די מיניסטאָרן וואָס שרעקט איר אייך אַזוי שטאַרק, און
וואָס וויינט איר? איבערהויפּט איז מיר אַ גרויס וואונדער אויף
אונזער חשובן גלח אגערנאַצי וואָס ער שרעקט זיך אַזוי
שטאַרק? ער איז דאָך שוין עטלעכע מאָל געווען ביים לוויתן?
ווען איר וועט אַהין קומען וועט ער שוין זען דאָס אייער גאַנצער
פּחד איז געווען בחינם, אפילו דער וועג ביז צום לוויתן איז אויך
נישט אַזוי געפערלעך ווי איר טראַכט. מיין טאָכטער, אַזאַ יינג
קינד איז דאָרט געווען אַזאַ לאַנגע צייט, און איר זעט דאָס עס
האָט איר גאָרנישט געשאַט.

דער אַלטער גלח הויבט זיך אויף פון זיין הויכן שטול און
בעט מ׳זאָל אים צופירן צו דער קעניגלעכער בימה, דאָ וואַרפט
ער זיך אַראָפּ צו די פוס פון דעם יהודי און בעט אים אַז ער זאָל
אים מוחל זיין און שענקען דאָס לעבן. — איך וויל שטאַרבן אויף
מיין בעט — האָט ער זיך געבעטן — נישט מיט אַזאַ שרעקלעכן
טויט פון דערטרונקען ווערן.

אַ יהודי איז דאָך אַ בעל־רחמנות, האָט ער שטאַרק רחמנות
באַקומען אויף דעם אַלטן גלח ווען ער האָט אים געזען ליגן
ביי זיינע פוס. ער האָט אים גלייך אויפגעהויבן און ער האָט אים
געזאָגט אַז ער וועט שוין שרייבן דעם לוויתן אַז דעם אַלטן גלח
האָט מען נישט געקאָנט שיקן, וועט דער לוויתן נישט בייז זיין.

— און וואָס וועט זיין מיט מיר? — גיט אַ שריי פון דער צווייטער בימה דער משנה.

— דו וועסט זיין משנה ביים לוויתן! — ענטפערט אים רו־איק דער יהודי. דאָס געוויין ביי דער בימה פון די מיניסטאָרן איז געגאַנגען עד לב השמים.

פלוצים ווערט אַלעס שטיל און דער אַלטער גלח וואָס איז געווען ביי דער קעניגלעכער בימה שטעלט זיך אויף זיינע פוס. מיט די צוויי הענט כאַפּט ער זיך אָן אין דער בימה ער זאָל נישט אַראָפּפאַלן פון גרויס געציטער וואָס האָבן אים געציטערט הענט און פוס און מיט אַ הויך קול, — גאָרנישט ווי זיין גע־וווינהייט פלעגט צו זיין — שרייט ער אויס מיט גרויס געוויין.

איך אגערנאצי וואָס איך בין געווען צוואַנציק יאָר פאַרשלאָסן אין מיין הויז בין זיך מודה ומתוודה פאַר אייך אַלע איינוווינער פונעם לאַנד אַז צוויי מאָל האָב איך זיך געלאָזט איבעררעדן פון די מיניסטאָרן און האָב געוואָלט מיט פאַלשע בלבולים אומ־ברענגען דעם יהודי. דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב געפּסקעט אַז דער יהודי זאָל ציען גורל צי ער זאָל בלייבן לעבן צי נישט, האָב איך דעמאָלט געשריבן צוויי צעטלען „למיתה״ אַז סיי וועלכן צעטל ער וואָלט געווען אַרויסגעצויגן וואָלט ער גע־הרגעט געוואָרן, נאָר ער מיט זיין טיפער חכמה האָט זיך גע־ראַטעוועט די לעצטע מינוט דאַמיט וואָס ער האָט פאַרברענט דעם צעטל וואָס ער האָט געהאַט אַרויסגעצויגן.

ווייס ווי קאַלעך איז דער אַלטער גלח געווען און זיין גאַנצער אויסגעדאַרטער קערפּער האָט געציטערט ווען ער האָט גערעדט.

— ער זאָגט ווייטער — דאָס איידלקייט פון דעם יהודי האָט אים נישט געלאָזט אַז ער זאָל פאַרשעמען אַזאַ אַלטן מענטש ווי איך בין, דעריבער האָט ער דאָס קיינעם נישט דערציילט, און איך זינדיקער מענטש אַנשטאָט איך זאָל אַנערקענען זיין טובה

וואָס ער טוט מיר, האָב איך זיך געשראָקן אפשר וועט ער אַ מאָל אויסזאָגן, דעריבער האָב איך צוזאַמען מיט די מיניסטאָרן אויסגעטראַכט אויף אים אַ צווייט בלבול אים צו דערטרונקען. איך האָב דעם מלך איינגערעדט מיט אייך די גאַנצע מעשה מיטן לוויתן.

ווען דער יהודי האַלט אויסגעשטרעקט אויף אונזער האַלדז דאָס מעסער וואָס מיר האָבן אים געוואָלט דערמיט שחטן, איצט בין איך ווי אויפגעוועקט געוואָרן פון מיין שלאָף, פון מיין פאַרבלענדעניש, און איך שווער קעגן אייך אַלע צו זיין טריי דעם נייעם מלך וואָס זיין גלייכן אין חכמה און אין איידלקייט איז נישט צו געפינען אין דער גאַנצער וועלט.

גלייך האָבן זיך אויך אויפגעשטעלט אַלע מיניסטאָרן און איינער נאָכן אַנדערן מיט וויינענדיקע אויגן געשווירן ביי זייער לעבן צו זיין טריי פאַר דעם נייעם מלך רבי יצחק, און אים געבעטן ער זאָל זיי מוחל זיין אויף זייערע נידעריקע מעשים.

ווי דער מלך מיט די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן האָבן געהערט די ווערטער פון דעם אַלטן גלח זענען זיי געבליבן ווי דערקלאָפּט פון אַ דונער. דער גלח וואָס אַלע האָבן אים געהאַלטן פאַר דעם גרעסטן און הייליקסטן מענטש אין זייער גלויבן, ווי דעם „אותו־איש" אַליין זאָל זיך מודה זיין אויף אַ זעלכע נידעריקע מחשבות און מעשים.

— ליבע בירגער — זאָגט רבי יצחק צו די טויזנטער דערשראָקענע מענטשן — איר אַלע האָט געוויס געגלויבט מיט אייער גאַנצן האַרץ און מיט אַלע אייערע אָרנטלעכע שטילע געפילן אין אַלע זאַכן וואָס מ'האָט אייך איינגערעדט. אַז די בת־המלכה געפינט זיך שוין יאָרן אונטערן ים, און אַז איך בין אַ בן־בית ביים לוויתן און אין די אַנדערע נאַרישע זאַכן וואָס ווען מ'זאָל נאָר אַביסל אַריין טראַכטן אין זיי וועט מען גלייך

זען דעם אָפענעם שקר וואָס ליגט אין זיי. פון דעסטוועגן ווען דער אַלטער גלח האָט איך געזאָגט, האָט איר מיט פּאַרמאַכטע אויגן געגלויבט. אַזוי אויך זאָלט איר וויסן דאָס די אַלע נאַרישע בלבולים וואָס די גלחים רעדן איין איך אויף יהודים פון נוצן זייער בלוט אויף פסח און נאָך פיל אַנדערע בלבולים זענען אויסגעטראַכטע נידעריקע בלבולים אויף יהודים. נאָר מיר האָט גאָט געהאָלפן אַז איך האָב מיט חכמה געבראַכט דערצו אַז דער גלח אַליין האָט זיך געמוזט מודה זיין אויף זיין פאַלשקייט קעגן איך אַלעמען. און פאַר די אַנדערע יהודים האָט זיך נישט גע־פירט דאָס יענע וואָס האָבן געמאַכט און אויסגעטראַכט די בל־בולים קעגן זיי זאָלן זיך מוזן מודה זיין. און אַזוי ווי איר אַליין קוקט איך איצט אום אויף זיך ווי זענט איר געווען אַזוי נאַריש צו גלויבן אַזעלכע נאַרישקייטן ווי דער גלח האָט איך איינגע־רעדט, אַזוי וועט נאָך קומען אַ צייט וואָס מ׳וועט נישט פאַר־שטיין ווי מענטשן האָבן מיט נאַרישע בלבולים געפייניקט דאָס אידעלע יידישע פאָלק. די גרויסע ווונדער וויאַזוי די בת־המלכה איז געראַטעוועט געוואָרן ווען זי איז אַריין געשפּרונגען אין ים קאָן איך איך איצט נאָך נישט דערציילן, דאָס וועל איך ערשט אויסזאָגן מיט גאָטס הילף אין טאָג פון מיין חתונה.

ואל יחר. און עס זאָל איך נישט פאַרדריסן אויף זיך אַליין וויאַזוי איר האָט איך געלאָזט אַזוי פאַרנאַרן אין אַזעלכע נאַ־רישקייטן איינרעדן, ווייל די גרעסטע חכמים און געלערנטע אין דער וועלט האָבן זיך געלאָזט פון די גלחים איינרעדן נאָך גרע־סערע נאַרישקייטן, און ביז דעם היינטיקן טאָג האָבן זיי זיך נישט אָפּגעלאָזט פון זיי, עס טוט מיר פיל מאָל וויי דאָס האַרץ פון רחמנות ווען איך זע ווי אַלטע געלערנטע דאָקטוירים בוקן זיך פאַר אַ יינגן געטשיק וואָס נעכטן האָט אים אויסגעהאַקט אַ שטיין־האַקער אָדער אַ האָלץ־קריצלער. זיי בעטן זיך צו די

טויטע שטיינער און קלעצער דאָס זיי זאָלן העלפן די גאַנצע וועלט, אין דער צייט ווען די געטשיקעס אַליין קאָנען זיך נישט רירן פונעם אָרט. עס גלייבט זיך נישט מיטן שכל דאָס קלוגע געלערנטע מענטשן זאָלן אַזעלכע נאַרישקייטן טוען, נאָר אַזוי איז די שוואַכע נאַטור פון דעם מענטש, דאָס דער מינדעסטער שקר, וואָס ווען מ׳זאָל נאָר אַ ביסל אַריין טראַכטן אין אים וואָלט מען גלייך אָנגעזען וואָס אַ נאַרישער שקר ער איז, קאָן פאַרדעקן דעם אָפנסטעם און קלאָרסטן אמת.

אָבער זייט נישט פאַרצווייפט, נישט שטענדיק וועט דאָס זיין דער מענטש אַזוי פאַרנאַרט, עס איז נישט ווייט די צייט וואָס עס וועט קומען דער גרויסער טאָג, וואָס דער ריכטיקער אמת׳ער באַשעפער האָט פאַרשפּראָכן, וואָס דעמאָלט וועט די גאַנצע וועלט פול ווערן מיט פאַרשטאַנד און וויסנשאַפט, דעמאָלט וועט אַלעמענס אויגן אויפגעלייכט ווערן פון דעם קלאָרן אמת וואָס וועט הערשן אויף דער וועלט.

ווען רבי יצחק האָט געענדיקט זיינע פייערדיקע ווער־טער האָט דאָס גאַנצע פאָלק אָנגעהויבן צו שאַלן און צו קלאַטשן, און זיי האָבן אויסגעשריגן יחי רבי יצחק דער יינגער מלך, דער חכם און דער מוטיקער וואָס זיין גלייכן איז נישט דאָ און דער גאַנצן וועלט, יחי, יחי — — —

## לא.

די קעניגלעכע מוזיק האָט זיך ווידער גענומען שפּילן, פון די קעני־גלעכע אוצרות האָט מען געטיילט משקה לרוב און ערשט איצט האָט זיך גענומען די גרויסע שמחה. די שלשה־אחים זע־נען געזעסן צוזאַמען אויף דער קעניגלעכער בימה, זייערע פּנימער האָבן געשיינט ווי די ליכטיקע זון און זייערע שיינע גרויסע אויגן האָבן געגלאַנצט ווי די בליצן. דאָס ערשטע האָבן

זיי אָפּגעגעבן אַ שבח והודיה פאַר השי״ת וועגן די פילע נסים ונפלאות וואָס ער האָט מיט זיי געטוען ביז אַהער, און מיט אַ געבעט פון טיפן האַרץ האָבן זיי געבעטן דאָס השי״ת זאָל זיי צושיקן זיינע חסדים אויך ווייטער. רבי יצחק האָט דערציילט זיינע ברודער פון דער הבטחה וואָס דער הייליקער רבי יצחק דמן עכו האָט אים מבטיח געווען אַז אויב זיי וועלן זיך ווייטער אַזוי פעסט האַלטן אין זייער אמונה און בטחון אין השי״ת וועט דורך זיי געשען אַ גרויסע ישועה פאַר כלל־ישראל. מיט איבע־ראַשונג האָבן דאָס זיינע ברודער דערהערט.

דאָס געזאַנג פון די טויזנטער פאַרזאַמלטע מענטשן איז גע־וואָרן פון מינוט צו מינוט אַלץ העכער און העכער און די שמחה אַלץ גרעסער און גרעסער. די פרייד האָט יעדן אַלץ מער אַרומ־גענומען — אפילו די מיניסטאָרן אויך — זי האָט דערגרייכט עד לב־השמים.

צווישן דעם הויכן געזאַנג פון די טויזנטער מענטשן האָט זיך געהערט אויף דער קעניגלעכער בימה אַ טרויריקער ניגון, דאָס האָבן די שלשה־אחים באַזאַמען געזונגען מיט אַ טיפן געפיל פון טרייסט ווען אין מיטן זייער גרעסטער שמחה האָבן זיי זיך דערמאַנט אין יידישן גלות, עס האָט זיך פון זייער האַרץ אַרויס־געריסן דער ניגון „יבנה המקדש עיר ציון תמלא״, דאָס הייסט „זאָל אויפגעבויט ווערן דאָס בית־המקדש און די שטאָט ציון זאָל ערפילט ווערן״. נאָכדעם וואָס זיי האָבן מיט אַצעבראָכן האַרץ געזונגען די טרויריקע ניגונים, האָבן זיי באַקומען אַ לוסטיק געמיט, און מיט אַ פריילעך ניגונ׳דל האָבן זיי זיך גע־נומען זינגען דעם פסוק וואָס די באַדייטונג פון אים האָבן זיי איצט געפילט אין דעם גרעסטן מאָס וואָס קאָן נאָר זיין. ביי יעדן וואָרט פון דעם פסוק איז זיי אַריין אַ פרישע פרייד אין

הארץ. די פרייד האָט אויך אַרומגענומען די אַלע צו ווען עס איז צוגעקומען דאָס זיסע אַנגענעמע קול ווי די שלשה־אחים האָבן פון זייער טיפן האַרץ געזונגען „הנה מה טוב, ומה נעים, שבת אחים גם יחד". ווי גוט און ווי אַנגענעם איז דאָס וואָס ברודער זיצן צוזאַמען.



איז מקוים געוואָרן די ברכה פון דעם הייליקן רבי יצחק דמן עכו, און עס איז טאַקע אַרויסגעקומען אַ ישועה פאַר כלל ישראל דורך די שלשה אחים?

רבי יצחק אין איין זייט פון די וועלט און די בת־המלכה פון מדינת אופיר אין די צווייטע זייט וועלט זענען דערטרונקען געוואָרן אין די טיפע אָפּגרונגען פונעם ים קעגען די אויגן פון טויזענטער מענטשן, וויאַזוי זענען זיי געראַטעוועט געוואָרן?

האָבן די גרויסע ריזן פאַרשוויגן ווען זיי האָבן זיך דערוויסט אַז מ'האָט זיי אויסגעשטעלט פאַר חויזיק'עס?

אויף די אַלע פראַגען און נאָך אויף פיל אַנדערע פראַגען וועט איר באַקומען אַ קלאָרן ענפער אין די קומענדיקע העפט.

אין דער קומענדיקער העלפט — די לעצטע פון דער סעריע — וואָס וועט הייסן „די ברידער צוזאַמען" וועלן מיר זען דעם לעצטן שטורעמדיקען נסיון פון די שלשה־אחים, און וויאַזוי עס זעט אויס דער „סופן־שלווה" דער שטילער זיסער נחת וואָס צדיקים זעען ביי סוף פון זייער לעבן.

(די לעצטע אויוונדערמאַנטע ווערטער וואָס געהערן דאָ, זענען על־פי טעות געדרוקט געוואָרן אין סוף פון דער דריטער העפט.)

## א ווערטעל פון ספר החכמה

רבי ישראל סאַלאַנטער איז אַמאָל אַריינגעקומען צו אַ גביר וואָס איז דעס דאָזיקע יאָר נתעשר געוואָרן, און ער האָט ביי אים געבעטן מעות־חיטים פאַר די אָרימע לייט אויף פסח. דער גביר האָט אָבער נישט געוואָלט געבן קיין גרעסערע נדבה ווי ער האָט געגעבן מיט אַ יאָר צוריק.

אָט דאָס האָט געמיינט דוד־המלך מיט דעם פסוק „הון־ועושר בביתו וצדקתו עומדת לעד" — האָט רבי ישראל סאַלאַנטער באַמערקט — „הון ועושר" דאָס פאַרמעגן און רייכקייט וואַקסט ביי אים נאָר „בביתו" אין זיין אייגענעם הויז. זייט ער איז נתעשר געוואָרן זעט שוין זיין הויז גאַנץ אַנדערש אויס ווי ביז איצט. אָבער „וצדקתו" די צדקה וואָס ער גיט „עומדת לעד" דאָס שטייט שטענדיג אויף איין אָרט...

## אַן אפענפער פאַר אַ קמצן

ווען דער באַוווסטער גאון רבי מאיר שפּיראָ זצ"ל איז געווען אין אַמעריקע שאַפן געלט וועגן זיין ישיבה, האָט אים אַמאָל געזאָגט אַ גרויסער גביר אַז אויף אַ ישיבה גיט ער נישט קיין געלט.

איך גיב גרויסע סומען געלט — איז מסביר דער גביר — אויף שפּיטעלער, בתי־ יתומים'ס, מושב־זקנים'ס און דאָס גלייך. ווייל אַ מענטש קאָן קיינמאָל נישט וויסן וואָס מיט אים וועט זיין, און ווער ווייס צי איך אַליין אָדער מיינע קינדער וועלן נישט חלילה נאָך אַמאָל אָנקומען צו די מוסדות. אָבער פון אַ ישיבה — פּירט אויס דער גביר — פון דעם בין איך און מיינע קינדער זיכער אויסגעהיט.

— עס איז נישט אַזוי זיכער — ענפערט אים ר' מאיר שפּיראָ מיט אַ שמייכעל — די גמרא זאָגט, אַז די אייניקלעך פון המן האָבן געלערנט תורה אין בני־ברק...

# די חרדי׳שע אידישע ביבליאטעק

די ערשטע סעריע „דער גריידיצער צדיק“ אַנטהאַלט פינף אינטערעסאַנטע דערציילונגען:

פרייז פון די סעריע 5 ל״י.

---

די צווייטע סעריע „ש ל ש ה - א ח י ם“ אַנטהאַלט 6 העפטן.

ביז היינט האָט שוין ערשינען 5 העפטן, וואָס אין זייערע 588 עמודים ליגט איינגעהילט איינס פון די שענסטע אינ־טערעסאַנטסטע און שפּאַנענסטע יידישע דערציילונגען.

מיט אַן אָפּגעהאַלטענעם אָטעם ליינט זיך די געשיכטע פון די שלשה־אחים, ווי דריי עלענדע יתומים׳לך לאָזן זיך אַרויס איבער די וועלט, זיי ווערן פאַרוואָרפן אויף די ווייטסטע מדינות און מרא׳דיקסטע אינדזלעך פון ים. בלאָנזשען אַרום צווישן די שרעקלעכסטע וועלדער, און אין פוסטע עק־וועלט לעדנער. מיט אַ שטייפקייט האַלטן זיי זיך ביי זייער פעסטער אמונה און ביטחון אין השי״ת, ווען זיי באַגעגענען זיך פיל מאָל מיטן טויט פנים־אל־פנים.

מיט זייער טיפע חכמה און פעאיקייט מאַכן זיי אויפרידערן אַ וועלט. ביים סוף טרעפן זיך צוזאַם די עלענדע יתומים׳לך ווען אַלע דריי זענען מעכטיקע פירערס פון די גרעסטע מדינות אין די וועלט. אין דעם זעקסטן טייל וועלן מיר ערשט זען וואָס די שלשה־אחים האָבן אויפגעטוען פאַר כלל ישראל. דאַן וועלן מיר צוקומען צו דעם „סופן־שלווה“ פון די איידעלע מוטיקע העלדן, צו דעם שיינעם שטילן זיסן נחת וואָס די הייליקע אמונה ברענגט מיט אירע פליגל צו די, וואָס שיצן זיך באמת אין איר.

בקרוב וועט בע״ה ערשיינען

די זעקסטע העפט — די לעצטע — פון דער סעריע

„שבת אחים יחד“ — „די ברודער צוזאמען“

1. צוויי קצבים; 2. דער גור־אריה; 3. דער עוללות־אפרים.

---

די דריטע סעריע

...זיידע

...פּראַג

...אַרבעט

...ינדן:

...רושלים

ISBN:0-657-12666-7 01-341

5